**גִּפֵּף**, פ״י. אַרומנעמען; אַרומרינגלען; אַ־רומאָרעמען; צערטלען; צודריקן; פֿאַרשטאָפּן.

— **גֻּפּוֹף**, אַרומגערינגלט ווערן; אַרומ־גענומען ווערן.

— **הִתְגַּפֵּף**, אַרומנעמען זיך.

**גֹּפֶר**, ז. פּימסן־האָלץ; יעדער קיניק האָלץ.

**גִּפֵּר**, פ״י. פֿאַרשוועבלען; פֿאַרויכערן.

— **גֻּפּוֹר**, פֿאַרשוועבלט ווערן.

— **הִתְגַּפֵּר**, באַדעקן זיך מיט שוועבל.

**גָּפְרָה**, נ. זאַלץ פֿון שוועבל־זויער.

**גִּפְרוּר**, ז. שוועבעלע.

**גָּפְרִי**, ת. סולפֿידאַרטיקער.

**גָּפְרִית**, נ. שוועבל.

**גִּפְרִיתִי**, ת. שוועבלאַרטיקער.

**גָּפְרָתִי**, ת. סולפֿאַטיקער.

**גֶּפֶת**, נ. איבערבלײַב פֿון אויסגעקוועטש־טע איילבירטן; פֿרוכטן־אָפּפֿאַל.

**גַּפְתָּן**, ז. ווולגאַרער מענטש.

**גֵּץ**, ז. פֿונק; פֿײַער־שפּריץ; נאַסער ליים.

**גֵּר**, ז. פֿרעמדער; אַזעלכער וואָס האָט אָנגענומען יידישן גלויבן.

— **גֵּר צֶדֶק**, ז. באַקערטער צום יידישן גלויבן.

**גָּר**, ז. קראַטער; בערגל; סטערטע; וואַנ־דערנדיקער פֿאַסטעך.

**גָּרָב**, ז. פּאַרך; עקזעמע; טרוקענע קרעץ; ליימענע פֿאַס; לעדערנער קליידער־זאַק.

**גֶּרֶב**, ז. (ר׳ גַּרְבַּיִם), זאָק; סקאַרפּעט.

**גַּרְבִּית**, נ. לידקע־זאָק; געטרע־זאָק.

**גָּרֶבֶת**, נ. פּאַרך; עקזעמע.

**גַּרְגּוּר**, ז. האַלדז־שווענקונג; יאַגדע־קלײַבונג; קערנער־צעשפּרייטונג (אויס־צוטריקנען אויף דער זון).

**גַּרְגִּיר**, ז. יאַגעדע; קערנדל; קערן.

**גַּרְגַּר**, **גַּרְגֵּר**, ז. קערן; קערנדל; קליינע פֿרוכט; סטערטע פֿון שטיינדלעך; פּיל.

**גִּרְגֵּר**, פ״י. שווענקען דעם האַלדז; כראָ־פּען; טריקענען פֿרוכטן; אָפּרײַסן ווײַנטרויבן איינציקווײַז; כראָפּען.

— **הִתְגַּרְגֵּר**, גאָרגלען; שווענקען (דעם האַלדז).

**גַּרְגְּרָן**, ז. פֿרעסער; זויפֿער; זולל וסובא.

**גַּרְגְּרָנוּת**, נ. פֿרעסערישקייט; זויפֿעריש־קייט.

**גַּרְגֶּרֶת**, נ. גאָרגל; האַלדז.

**גֵּרֵד** (גָּרַד, יִגְרֹד), פ״י. ראַצן; קראַצן; רײַבן; שאָבן; אָפּשיילן; שניצן; ווע־בן; אָנעמען אַפּעטיט.

— **גֹּרַד**, קראַצן; רײַבן; שאָבן; קעמען וואָל.

— **הִתְגָּרֵד**, קראַצן זיך; רײַבן זיך.

**גֶּרֶד**, ז. פֿרענדזל; קידעסל; קוטאַסל; אויסגעמעקטער פּלאַץ (פֿון שריפֿט).

**גְּרָדָה**, **גְּרֵדָה**, תה״פ. פֿאַר זיך אַליין; אויסשליסלעך; עקסקלוזיוו.

**גַּרְדּוֹם**, ז. עשאַפֿאָט.

**גִּרְדּוּם**, ת. אָפּשנײַדונג; אָפּהאַקונג.

**גַּרְדִּי**, ז. וועבער.

**גִּרְדֵּם**, פ״י. שנײַדן; אָפּשנײַדן; אָפּ־האַקן.

**גַּרְדָּן**, ז. קראַצער.

**גָּרֶדֶת**, נ. שוועזשבע; עקזעמע.

**גְּרֶדֶת**, נ. מעטאַל־שטויב; אָפּפאַל.

**גֵּרָה**, נ. אויפגעשטויסענע שפּייז (ביי פי); דער טייל פון גוף פון האַלדז ביזן בויך; קליינע יידישע אַלטער־טימלעכע מטבע; באַקסערקערנדל; פרוי באַקערט צום יידישן גלויבן.

— **הֶעֱלָה גֵּרָה**, איבערקייַען אויפגעשטויסענע שפּייז (ביי מעלה־גרה חיות).

**גָּרָה**, פ"י רייצן; צערייצן; אָנרייצן; בייסן; אויפרעגן; אויפהעצן; גיין אויף די נערוון.

— **גֹּרָה**, אויפגערייצט ווערן; אויפגעהעצט ווערן; אויפגערעגט ווערן.

— **הִתְגָּרָה**, רייצן זיך; אויפרעגן זיך; אָנהייבן אַ מלחמה; פאַרמעסטן זיך.

**גְּרוֹגֶרֶת**, נ. טרוקענע, איינגעשקוואַרטע פייג.

**גְּרוּדוֹת**, נ"ר. מעטאַל־שטויב.

**גְּרוּטָאוֹת, גְּרוּטוֹת**, נ"ר. ברוך; אייזנברוך; שמעלץ; אַלטוואַרג.

**גֵּרוּי**, ז. רייצונג; העצונג; פּראָוואָצירונג.

— **גֵּרוּי הָעֲצָבִים**, נערוון־רייצונג.

**גָּרוּם**, ת. איבערגעוואַקסענער.

**גֵּרוּמִים**, ז"ר. צולייג (צו געקויפטע סחורה) צוגאָב.

**גָּרוֹן**, ז. האַלדז; גאָרגל.

**גֵּרוּן**, ז. איינשייערונג; אָנהויפונג פון תבואה.

**גְּרוֹנִי**, ת. האַלדזיקער; גאָרגלדיקער.

**גָּרוֹס**, ז. קאַשע־מאַכער.

**גֵּרוּעַ**, ז. דעפיציט; פאַרקלענערונג; פאַרמינערונג; נישט רייפע פרוכט.

**גָּרוּעַ**, ת. ערגערער: מינערווערטיקער; געמיינער.

**גֵּרוּף**, ז. צוזאַמענשאַרונג; אָפרייניקונג.

**גְּרוּפִית**, נ. צווייַגל צום פאַרזעצן; פאַרפלאַנצונג־צווייַגל.

**גֵּרוּר**, ז. נאָכשלעפּ; נאָכשלעפונג.

**גָּרוּר**, ז. געשלעפטער וואָגן.

**גְּרוּרָה**, נ. סאַטעליט, מדינה וואָס פאָלגט אויס באַפעלן פון אַ גרויסמאַכט.

**גֵּרוּשׁ**, ז. **גֵּרוּשִׁין, גֵּרוּשִׁים**, ז"ר. באַנייציע: פאַרטרייבונג אויף נע־ונד; גט.

**גָּרוּשׁ**, ז. מאַן, וואָס האָט געגט זיין פרוי.

**גְּרוּשָׁה**, נ. געגטע פרוי.

**גֵּרוּת**, נ. באַקערונג צו יידישקייט.

(גרז) **הַגְּרֵז**, פ"ע. אָפּגעהאַקט ווערן.

**גַּרְזֶן**, ז. האַק; טאָפּער.

**גָּרִי**, ת. קיצלדיקער.

**גְּרִיד**, ז. רעגנלאָזע צייַט.

**גְּרִידָא**, תה"פ. אויסשליסלעך; דורכאויס; נאָר.

**גְּרִידָה**, נ. קראַץ; קיצל; אויסקראַצונג.

**גְּרִיָּה**, נ. קיצלונג.

**גְּרִיּוּת**, נ. קיצלדיקייט.

**גְּרִימָה**, נ. פאַראורזאַכונג.

**גְּרִיס**, ז. גרויפּ; קאַשע; גריץ.

**גְּרִיסָה**, נ. צערייַבונג אויף גרויפן: גריץ־געקעכץ.

**גְּרִיעָה**, נ. פאַרמינערונג.

**גְּרִיעוּת**, נ. מינערווערטיקייט.

**גְּרִיפָה**, נ. אָפּרייניקונג (מיט אַ גראַבלע); אויסקערונג.

גְּרִיץ, ז. אַ שטיק ברויט; כמאַליע ברויט; ברויט־פּלעצל.

גְּרִירָה, נ. נאָכשלעפּ.

(גּרל), הַגְרֵל, פ״י. לאָסירן; אויספּלעטן; וואַרפן גורל.

— הָגְרַל, לאָסירט ווערן.

גָּרַם (גָּרַם, יִגְרֹם), פ״י. גורם זײַן; פאַראורזאַכן; אָפּגריזשען ביינער.

— הִגָּרֵם, פאַראורזאַכט ווערן.

— גָּרֵם, צעגריזשען ביינער.

— הִגְרֵם, שעכטן אַ בהמה דורך אָפּ־ציִאיקן שניט.

— הָגְרַם, געשאָכטן ווערן.

גֶּרֶם, ז. ביין; פונדאַמענט פון אַ זאַך; קערפּער; עלעמענט.

גַּרְמִיּוּת, נ. ביינערדיקייט.

גֶּרְמָנִי, זו״ת. דײַטש; דײַטשער.

גֶּרְמַנְיָה, נ. דײַטשלאַנד.

גְּרָם, גְּרָמָא, ז. אורזאַך; גורם.

גַּרְמִי, ת. בי ניקער; ביינערדיקער.

גֹּרֶן, ז. שײַער; פלאַץ צו דרעשן תּבוּאה; די תּבוּאה וואָס אין שײַער; די צײַט פון ברענגען די תּבוּאה אין שײַער; רונדער שטח.

— חֲצִי גֹּרֶן עֲגֻלָּה, האַלבער קרײַז.

גָּרַן (גָּרַן, יִגְרֹן), פ״ע. רופן.

— הַגְרֵן, אײַנזאַמלען תּבוּאה אין שײַער.

גְּרָנִיּוֹן, ז. פעלאַרגאָניע.

גָּרַס (גָּרַס, יִגְרֹס), פ״ע. לערנען; אי־בערלערנען; באַשטימען אַ ווערסיע; האָבן אַ נייגונג; פ״י. צעברעכן אויף פּיצלעך; מאַכן גרויפּן, קאַשע.

— הִגָּרֵס, פאַרמולירט ווערן; האַלטן; צעריבן ווערן אויף קאַשע; צעמאָר־שטשעט ווערן.

— הַגְרֵס, שלאָגן; צערײַבן.

— הָגְרַס, צעשלאָגן ווערן; צעריבן ווע־רן.

גִּרְסָא, גִּרְסָה, נ. ווערסיע; וואַריאַנט; סטודיום; לערע.

— גִּרְסָא דְיַנְקוּתָא, די לערע וואָס דער מענטש דערלערנט אין זײַן קינדהייט.

גַּרְסִי, ז. גרויפּן־מאַכער; קאַשע־מאַכער.

גָּרַע (גָּרַע, יִגְרַע), פ״י. פאַרמינערן; אָפּ־נעמען; אַראָפּנעמען; אָפּשנײַדן; אַ־ראָפּלאָזן.

— לֹא גָרַע עַיִן מִמֶּנָּה, ער האָט פון איר קײַן אויג נישט אַראָפּגעלאָזט.

— כָּל הַמּוֹסִיף גּוֹרֵעַ, ווער עס איבער־טרײַבט מוז אַראָפּלאָזן.

— הִגָּרַע, פאַרקלענערט ווערן; פאַרמי־נערט ווערן; באַטראַכט ווערן פאַר ערגער.

— גָּרֵעַ, אַרויסציִען; אַראָפּנעמען; אָפּ־ציִען; אַרויסציִען זאַפט; געבן קערנ־דלעך.

— הַגְרֵעַ, אַרויסגעבן זאַפט; געבן קע־רנדלעך; פאַרערגערט ווערן; פאַרער־גערן זיך.

גֶּרַע, ז. פעלדשער; בלוט־אָפּצאַפּער.

גֵּרָעוֹן, ז. דעפיציט; מאַנקאָ; פאַרלוסט; אומאָראַלישקייט; מום; פעלער.

גַּרְעִין, ז. גַּרְעִינָה, נ. קערנדל; קערן; יאָדער; זוימען; יאַגדע; קנאָפּע וואָג.

גַּרְעִינִי, ת. קערנדיקער; יאָדערדיקער.

גַּרְעִינִית, ת. גראַניט.

**גֵּרָעֵן**, פ"י. אַרויסנעמען קערנדלעך; באַזײַטיקן קערנדלעך.

— **גֹּרְעַן**, באַזײַטיקט ווערן פֿון קערנדלעך.

**גַּרְעֶנֶת**, נ. טראַכאָם (אויגן־קראַנקהייט).

**גָּרַף** (גָּרַף, יִגְרֹף), פ"י. שאַרן; שלעפּן; רייניקן (מיט אַ גראַבלע); ביילן אַ פֿויסט; מאַכן אַ פֿויסט; רייניקן די נאָז; פֿאַרטראָגן.

— **הִגָּרֵף**, פֿאַרבײַלט ווערן (פֿויכט) פֿאַרטראָגן ווערן; מיטגעריסן ווערן.

— **גֹּרֵף**, צונויפֿקערן; צונויפֿנעמען (צוליב ריינקייט).

— **גֹּרוֹף**, צונויפֿגעקערט ווערן; צונויפֿגענומען ווערן.

**גְּרָף שֶׁל רְעִי**, ז. נאַכט־כּלי.

**גְּרֶפֶת**, נ. מיטשלעפּ (וואָס דער שטראָם שלעפּט מיט זיך).

**גָּרַר** (גָּר, גָּרַר, יָגֹר, יִגְרֹר), פ"י. שלעפּן; נאָכשלעפּן; ציִען; פֿאַראורזאַכן; גורם זײַן; אויפֿשטויסן (פֿון מאָגן); צעמאָרשטשען, צעברעקלען; צערײַבן.

— **הִגָּרֵר**, נאָכשלעפּן זיך; נאָכגיין; נאָכגעצויגן ווערן; אָפּגעזעגט ווערן; צעריבן ווערן.

— **גֵּרֵר**, אָפּשנײַדן; קראַצן; שאָבן; זעגן; שלעפּן.

— **גֹּרוֹר**, איבערגעשניטן ווערן; אָפּגעזעגט ווערן.

— **הִתְגּוֹרֵר**, שטורמען; אַרויספּלאַצן; ווייַנען.

— **הִתְגָּרֵר**, קראַצן זיך; שאָבן זיך; טאָרען זיך.

**גֵּרָה**, ז. שלעפּונג; נעבן־זאַך; צוטשעפּעניש.

— **מְכוֹנִית־גְּרָר**, שלעפּ־אויטאָ.

**גְּרָרָא**, ז. שלעפּונג.

— **אַגַּב גְּרָרָא**, בײַ געלעגנהייט; צופֿעליק.

**גְּרָרָה**, נ. שליטן; ריטש־ליניי; ריטש־צילעווער (אויף ביקסן־לופֿע).

**גֶּרֶשׁ**, ז. גרויפּן.

**גֶּרֶשׁ**, ז. לאַנד־פּרוכט; פּרוכט; נגינה־אַקצענט אין תנ"ך (').

**גָּרַשׁ** (גָּרַשׁ, יִגְרֹשׁ), פ"י. אַרויסטרײַבן; פֿאַרטרײַבן; פֿאַרשיקן; אָפּגעט'ן.

— **הִגָּרֵשׁ**, פֿאַרטריבן ווערן; אַרויסגעטריבן ווערן; אויפֿגעקאָכט ווערן; אויפֿגעצאָרנט ווערן.

— **גֵּרֵשׁ**, פֿאַרטרײַבן; אַרויסטרײַבן; פֿאַרשיקן; דערווײַטערן; געבן אַ גט.

— **גֹּרוּשׁ**, פֿאַרטריבן ווערן; אַרויסגעטריבן ווערן; דערווײַטערט ווערן.

— **הִתְגָּרֵשׁ**, גט'ן זיך מיט דער פֿרוי.

**גֵּרְשַׁיִם**, ז"ר. גענזנפֿיסלעך („"); דאָפּל־שטריך־אַקצענט איבערן וואָרט (").

**גִּשְׁגֵּשׁ**, פ"ע. קלינגען; קלאַפּן.

**גָּשׁוּם**, ת. רעגנדיקער.

**גִּשּׁוּם**, ז. פֿאַרקערפּערונג; פֿאַרווירקלעכונג; רעאַליזירונג.

**גִּשּׁוּר**, ז. בריק־איבערוואַרפֿונג; פֿאַרבינדונג.

**גָּשׁוֹשׁ**, ז. פֿילער (צו מעסטן די טיפֿקייט); טיפֿקייט־מעסטער; סאָנדע.

**גִּשּׁוּשׁ**, ז. אויסשנאַפּונג; אָפּפֿילונג (לויט נישט זעבאַרע סימנים); אויסטאַפּונג; סאָנדירונג.

**גְּשׁוּת**, נ. פּליסיקייט־איבערפירונג דורך סיפאָן־רערל.

**גְּשִׁירָה**, נ. בריק־לייגונג; בריק־איבער־וואַרפונג.

**גְּשִׁישׁ**, ז. פלעטל; ברעטל; קלעצל.

**גֶּשֶׁם**, ז. רעגן; קערפּער; סובסטאַנץ.

— **גֶּשֶׁם נְדָבוֹת**, רעגן וואָס ברענגט בְּרָכָה.

— **יְמוֹת הַגְּשָׁמִים**, ז״ר. ווינטער־צײַט; רעגן־צײַט אין א״י.

**גָּשַׁם** (**גָּשַׁם, יִגְשֹׁם**), פ״ע. רעגנען; פאַר־ווירקלעכן.

— **הִגְשִׁים**, פאַרקערפּערן זיך; פאַרווירק־לעכען זיך.

— **גִּשֵּׁם**, פאַרווירקלעכן; רעאַליזירן; אויספירן.

— **גֻּשַּׁם**, באַרעגנט ווערן.

— **הִגְשִׁים**, פאַרווירקלעכן; רעאַליזירן; מאַטעריאַליזירן; פאַרקערפּערן; מאַכן רעגנען.

— **הֻגְשַׁם**, פאַרווירקלעכט ווערן; רעאַלי־זירט ווערן; מאַטעריאַליזירט ווערן; באַרעגנט ווערן.

— **הִתְגַּשֵּׁם**, פאַרווירקלעכן זיך; פאַר־קערפּערן זיך; רעאַליזירן זיך.

**גִּשְׁמָה**, נ. רעגן־רערל.

**גַּשְׁמוּת, גַּשְׁמִיּוּת**, נ. מאַטעריאַליזם; חומרדיקייט; קערפּערלעכקייט.

**גַּשְׁמִי**, ת. מאַטעריעלער; פיזישער; קער־פּערלעכער.

**גֻּשְׁפַּנְקָה**, נ. חותם; שטעמפּל; זיגל; זיגל מיט מאָנאָגראַם; סיגנעט; עמ־בלעם.

**גַּשְׁקָר**, ז. רוי־זײַד.

**גֶּשֶׁר**, ז. בריק.

**גָּשַׁר** (**גָּשַׁר, יִגְשֹׁר**), פ״י. מאַכן אַ בריק; איבערוואַרפן אַ בריק; דינען ווי אַ בריק.

— **הִגָּשֵׁר**, פאַרבינדן ווערן דורך אַ בריק.

— **גִּשֵּׁר**, איבערוואַרפן אַ בריק; פאַר־בינדן.

— **גֻּשַּׁר**, פאַרבינדן ווערן דורך אַ בריק.

— **הִגְשִׁיר**, מאַכן אַ בריק; בויען אַ בריק; איבערוואַרפן אַ בריק.

**גַּשָּׁר**, ז. בריק־היטער; בריקן־לייגער.

**גָּשַׁשׁ**, (**גָּשַׁשׁ, יִגְשֹׁשׁ**) פ״י. לײַכט באַ־רירן (ים־אָדער טײַך־באָדן); שנאָפן; טאַפּן.

— **גִּשֵּׁשׁ**, אויסטאַפּן אין דער פינצטער; אויסשנאַפּן; זוכן שפורן; אויסשפּירן.

— **הִתְגּוֹשֵׁשׁ**, ראַנגלען זיך; באָרען זיך; פאַרמעסטן זיך.

**גַּשָּׁשׁ**, ז. אויסשנאַפּער; אויסשפּירער; שפורן־זוכער.

**גִּשֵּׁת**, פ״י. איבערפירן פליסיקייט דורך סיפאָן־רערל.

**גִּשְׁתָּה**, נ. סיפאָן; סיפאָן־רערל.

**גַּת**, נ. פעלזן־בעקן (צו טרעטן אין אים ווײַנטרויבן); ווײַן־פּרעס; גראָבן; סינוס־בעקן (מעד.).

**גִּתִּי**, ז. ווײַן־פּרעסער.

**גִּתִּית**, נ. אַלטערטימלעכער מוזיק־אינ־סטרומענט; ווײַן־פּרעסערין.



**ד** (דָלֶת), פֿערטער אות אין אַלף־בֵּית. אַלס ציפֿער—4; מיט אַ פּונקט אָדער אָפּשטריך פֿון דער לינקער זײַט אויבן (ד') — 4000.

**דָ', דִ"**, פֿון; וואָס; וועלכער.

**ד' עַל ד', דָלֶת עַל דָלֶת**, פֿיר אויף פֿיר איילן; באַצ. פֿאַר ענגשאַפֿט.

**דָא**, מ"ג. דאָס.

**דָא עָקָא**, דאָס איז די צָרה.

**דָאב** (**דָאַב, יִדְאַב**), פ"ע. זאָרגן זיך; האָבן קרענקונג; טרויעריק זײַן.

— **הִדְאֵב**, זײַן באַזאָרגט; לײַדן.

— **הֶדְאֵב**, ערגערן; טרו עריק מאַכן.

**דְאָבָה**, נ. זאָרג; צַער; ערגערניש; בי־טערניש: לײַדן; טרויער.

**דְאָבוֹן**, ז. לײַדן; צַער; קלעמעניש; ער־גערניש.

— **לְדַאֲבוֹנִי, לְדַאֲבוֹן לִבִּי, לְדַאֲבוֹן נַפְשִׁי**, צו מײַן באַדויערונג; צו מײַן באַדויער; צו מײַן אומגליק.

**דָאג** (**דָאַג, יִדְאַג**), פ"ע. זאָרגן: זאָרגן זיך; באַזאָרגט זײַן.

— **הִדָּאֵג**, באַזאָרגט ווערן; פֿאַרצַערט ווערן.

— **הֶדְאֵג**, פֿאַרשאַפֿן זאָרג; באַאומרואיקן.

— **הֻדְאַג**, באַאומרואיקט ווערן.

**דְאָגָה**, נ. זאָרג; באַזאָרגטקייט; אויפֿ־רעגעניש; עָגמת נֶפֶש.

**דְאַגְתָנוּת**, נ. באַזאָרגטקייט; ציטערניש.

**דְאַגְתָנִי**, ת. באַזאָרגטער; זאָרגעוודיקער; פֿאַרדאַגהטער.

**דָאֹה** (**דָאָה, יִדְאֶה**), פ"ע. שוועבן; פֿלי־ען; איילן זיך; פֿלאַטערן.

— **הֶדְאֶה**, מאַכן פֿליִען.

**דָאָה**, נ. גײַער; קאָרשון (רויב־פֿויגל).

**דָאוּג**, ת. פֿאַרזאָרגטער; באַזאָרגטער; פֿאַרצַערטער.

**דָאוֹן**, ז. לופֿט־שוועבער (איבונג־ערא־פּלאַן).

**דְאִיבָה**, נ. קלעמונג; קלעמעניש; ווײ־טאָק.

**דְאִיָה**, נ. פֿלי; שוועבונג; פֿלאַטערונג.

**דֹאַר**, ז. פּאָסט; פּאָסטאַמט.

**דֹב**, ז. (ר' דֻבִּים) בער.

— **חֶסֶד הַדֹּב, שְׁרוּת הַדֹּב**, בערישע טוֹבֿה.

**דֹבֶא**, ז. זאַטקייט; שֶׁפַע; זאַטקייט מיט יאָרן.

**דָבֹב** (**דָבַב, יִדְבֹּב**), פ"י. רעדן; פֿליס־טערן; מורמלען.

— דּוֹבֵב, באַרעדעוודיק מאַכן: אינספּירירן; אָנרעגן; זאָגן; מְתַבֵּל זײַן.

— דַּבֵּב, באַרעדן; זאָגן.

— הִתְדּוֹבֵב, אָנהייבן באַרעדן.

דִּבָּב, דִּבָבָא, ז. פֿײַנדשאַפֿט; האַס.

דָּבֶב, ז. געשפּרעך־אָנרעגונג; סטימולירונג.

דְּבַדְּבָן, ז. קאַרש.

דִּבָּה, נ. רכילות; פּליאַטקע; לְשוֹן־הָרַע.

דַּבֵּה, פּ״ע. פֿאַרשפּרייטן רכילות; פֿאַרלוימדן; מאַכן פּליאָטקעס.

דְּבָה, נ. בעריכע.

דָּבוּב, ת. פֿאַרהאַסטער.

דִּבּוּב, ז. געבעט; מורמלונג; פּליסטערונג; זאָגעניש; סטימול; רעד־סטימול.

דְּבוֹן, ז. בערעלע.

דָּבוּק, ת. צוגעקלעפּטער; צוגעבונדענער; באַהאַפֿטענער.

דִּבּוּק, ז. באַהעפֿטונג; שלעכטער גײַסט; דיבוק.

דִּבּוּר, ז. רייד; זאָג; רעדעניש; וואָרט; פֿראַזע.

— חָכְמַת־הַדִּבּוּר, רעטאָריק; רעדנער־קונסט.

— לְשוֹן־הַדִּבּוּר, גערעדטע שפּראַך; פֿאָלקס־שפּראַך.

— תּוֹךְ כְּדֵי דִבּוּר, רעדנדיק; אין מאָמענט; אין דער רֶגַע.

דְּבוֹרָה, נ. בין.

דְּבוֹרִי, ת. רעדנסאַרטיקער.

דְּבוֹרִית, נ. בינען־טשאַטשע; שוואַרם.

דְּבוֹרָנִית, נ. אָפּריס־פֿלאַנץ.

דְּבִי, ת. בעריקער.

דְּבִיוֹנִים, ז״ר. טויבן־מיסט.

דְּבִיּוּת, נ. בערישקייט.

דָּבִיק, ת. קלעפּיקער.

דְּבִיקָה, נ. קלעפּונג.

דְּבִיקוּת, נ. קלעפּיקייט.

דְּבִיר, ז. פּאַלאַץ־זאַל; פּאַלאַץ; קודש־קדשים אין בֵּית־הַמִּקְדָּש; בֵּית־מִדְרָש.

דְּבֵלָה, נ. בלאָק פֿון געטרוקנטע פֿײַגן.

דַּבְלוּל, ז. פֿרענזל; עק פֿון געפֿלעכט: צויט.

דַּבְלֵל, פּ״י. לויז מאַכן; שיטער מאַכן.

— דֻּבְלוֹל, לויזער מאַכן; שיטערער מאַכן.

דַּבְלֶלֶת, האָרוואָרצל־אָנצינדונג (אויפֿן פָּנִים).

דִּבְעוֹן, ז. טאָניק (גאַרבונג־שטאָף פֿון ביימער).

דָּבַק (דָּבַק, יִדְבַּק), פּ״י. קלעפּן; אָנקלעפּן; פֿאַרבינדן; באַהעפֿטן; נאָכיאָגן; דעריאָגן; פֿאַרפֿאָלגן. פּ״ע. צוקלעפּן זיך; פֿאַרבינדן זיך.

— הֻדְבַּק, צוגעקלעפּט ווערן; אָנגעשטעקט ווערן.

— דַּבֵּק, קלעפּן; צוקלעפּן; דעריאָגן; דערגרייכן.

— דֻּבַּק, צוגעקלעפּט ווערן; פֿאַרבינדן ווערן.

— הִדְבִּק, צוקלעפּן; פֿאַרבינדן; דעריאָגן; אָנשטעקן.

— הֻדְבַּק, צוגעקלעפּט ווערן; פֿאַרבינדן ווערן.

— הִתְדַּבֵּק, הִדַּבֵּק, צוקלעפּן זיך; אָנ־שטעקן זיך.

**דָּבֵק**, ת. באַהאָפטענער; צוגעפּאַסטער.

**דֶּבֶק**, ז. קליי; קלעפּ־שטאָף; לאַם; פּאַפּ; באַהעפטונג; פאַרבינדונג.

**דְּבֶקָה**, נ. גאַליום (ווילד־געוויקס).

**דִּבְקוֹן**, ז. פּאַראַזיטן־פּלאַנץ (וויסקום, גע־נוצט אין האָמעאָפּאַטישער מעד.).

**דְּבֵקוּת**, נ. צוגעבונדנקייט; באַהעפטונג; פרומקייט.

**דַּבְקָן**, ז. קאָלאָיִד (כעמיע).

**דִּבְקִי**, ת. קלעפּיקער.

**דַּבֶּקֶת**, נ. מאַרקע; אָנקלעפּערל.

**דָּבָר**, ז. וואָרט; זאָג; קעגנשטאַנד; זאַך; אויסדרוק; וועזן; אָנגעלעגנהייט; פּאַל; ענין; עפּעס.

— **דָּבָר אַחֵר**, ז. באַצ. פאַר העסלעכע זאַך, וואָס מען וויל נישט אויסדריקן ווערטלעך: חזיר; האָמאָסעקסואַליזם; געצנדינערײַ א״א; אַנדער אויסטײַטש.

— **אֵין דָּבָר**, ס'מאַכט נישט אויס.

— **בַּעַל דָּבָר**, ז. שָׂטָן (אין קַבָּלָה); דער באַטרעפנדער.

— **בַּעַל דְּבָרִים**, ז. מאָנער; אָנקלאָגער; (אין מִשפּט).

— **דִּבְרֵי הַיָּמִים**, ז״ר. געשיכטע; היס־טאָריע.

— **בִּדְבַר, עַל דְּבַר**, וועגן.

— **דְּבָרִים**, נאָמען פון פינפטן סֵפֶר פון דער תּורה.

— **עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרִים**, די צען געבאָט פון דער תּורה.

**דִּבֵּר** (נאָר אין קעגנוואַרט־פאָרם דוֹבֵר), פּ״י. רעדן; זאָגן.

— **הִדָּבֵר**, פונאַנדערעדן זיך; אָפּרעדן זיך.

— **דִּבֵּר**, רעדן; זאָגן; פאַרניכטן.

— **דִּבֵּר בּוֹ**, רעדן וועגן אים.

— **דִּבֵּר בְּאִשָּׁה**, שמענקלען זיך צו אַ פרוי; „פוצן זיך" צו אַ פרוי.

— **דִּבֵּר נִכְבָּדוֹת**, שַׁדכֶנען.

— **דֻּבּוֹר**, געזאָגט ווערן; אָפּרעדן זיך; געשדכנט ווערן.

— **הִדְבִּיר**, איבערמעכטיקן.

— **הֻדְבַּר**, איבערמעכטיקט ווערן.

— **הִתְדַּבֵּר, הִדַּבֵּר**, זאָגן; צוזאַמענרעדן זיך.

**דִּבֵּר**, ז. (ר׳ דִּבְּרוֹת), וואָרט; רעדונג; רע־דע; רעדנער־קראַפט; רעדנער־טאַ־לאַנט.

**דַּבָּר**, ז. פירער; טאָן־געבער; קאָמאַנ־דיר; מַנהיג.

**דֹּבֵר**, ז. שפּרעכער (אָפיציעלער דערקלע־רער).

**דֹּבֶר**, ז. פאַשע־פעלד.

**דֶּבֶר**, ז. דזשומע; שוואַרצע פעסט.

**דִּבְרָה**, נ. רעדונג; וואָרט.

— **עַל דִּבְרַת־**, וועגן; איבער.

— **עַל דִּבְרָתִי**, אויף מײַנע נאֶמָנות.

**דֹּבְרָה**, נ. טראַטווע.

**דַּבָּרוּת**, נ. אָנפירערשאַפט.

**דַּבֶּרֶת**, נ. באַרעדעוודיקייט.

**דְּבָרִים**, ז״ר. פינפטער סֵפֶר פון דער תּוֹרָה.

**דַּבְּרָן**, ז. רעדנער; באַרעדעוודיקער.

**דַּבְּרָנוּת**, נ. רעדנער־טאַלאַנט; אָראַטאָ־ריִשקייט; באַרעדעוודיקייט.

**דְּבַשׁ**, ז. בינען־האָניק; זיסער פּרוכטן־זאַפט.

— **חֲלַת־דְּבַשׁ**, האָניק־צלאַסטער (אין וועלכן בינען לייגן אָפּ דעם האָניק).

— **יֶרַח־דְּבַשׁ**, האָניק־חודש.

**דָּבַשׁ** (**דָּבַשׁ, יִדְבַּשׁ**), פ״י. מאַכן האָניק פון פייגן, טייטלען א״א.; זיין זיס ווי האָניק.

— **הִדְבִּישׁ**, קאַליע ווערן; זויער ווערן (וועגן האָניק).

**דִּבְשָׁה**, נ. מעלעס; צוקער־סיראָפּ; מע־לילאָטוס (געוויקס).

**דִּבְשׁוֹן**, ז. קאַליברע; האָניק־זויגער (פוי־גל).

**דִּבְשִׁי**, ת. האָניק־זיסער; האָניק־אַרטי־קער; האָניקדיקער.

**דַּבְשָׁן**, ז. האָניק־לעקער.

**דַּבְשָׁנִית**, נ. האָניק־לעקעכל; האָניק־קיכל.

**דַּבֶּשֶׁת**, נ. קעמל־הויקער.

**דָּג**, פ״י. פאַנגען פיש. זע דוּג.

**דָּג**, ז. פיש.

— **דְּגֵי רְקָק**, סטינקעס; קליינע פישע־לעך; קליינע מענטשעלעך (איבערג.).

— **דַּג־הַדְּיוֹ**, טינט־פיש.

— **דַּג־זָהָב**, גאָלד־פישל.

— **דַּג־הַחֶרֶב**, שפּיז־פיש; שווערד־פיש.

— **דַּג־מָלוּחַ**, הערינג.

— **דַּג־מֹשֶׁה־רַבֵּנוּ**, פלאָנדרע.

— **דַּג־הַפַּטִּישׁ**, האַמער־פיש.

**דַּגָּאוּת**, נ. פיש־ציכטעריי.

**דַּגַּאי**, ז. פיש־ציכטער.

**דִּגְדֵּג**, פ״י. קיצלען.

**דִּגְדְּגָן**, ז. קיצלער; רייך־גלעקעלע (אויפן געשלעכט־אָרגאַן פון אַ פרוי).

**דִּגְדּוּג**, ז. קיצלונג.

**דָּגָה**, נ. פיש (ווייבלעך); פישעריי; קליי־נער פיש.

**דָּגָה** (**דָּגָה, יִדְגֶּה**), פ״ע. מערן זיך; פרוכפּערן זיך.

— **הִדְגָּה**, פאַרמערן; פרוכפּערן.

**דְּגוּגִית**, נ. פישער־שיפל.

**דָּגוּל**, ת. אויסגעצייכנטער; אויסדער־וויילטער; מוסטערהאַפטער; פאָראויס־גייענדיקער.

**דִּגּוּל**, ז. פאָן־פונאַנדערוויקלונג; צונויפ־זאַמלונג אונטער פאָן; באַרימערייַ; אָפּנאַרעריי.

**דִּגּוּן**, ז. איינשפּייכלערונג פון תבואה, אָנהויפונג פון תבואה.

**דָּגוֹן**, ז. נאָמען פון פלשתים־גאָט (האַלב פיש און האַלב מענטש).

**דָּגוּשׁ**, ת. אונטערגעשטראָכענער; אַק־צענטירטער; מיט אַ טראָפּ; דגש־די־קער.

**דְּגִיג**, ז. פישל; יונגער פיש.

**דְּגִיָּה**, נ. פלאָדזשונג.

**דְּגִילָה**, נ. צונויפזאַמל אונטער פאָן; פאָן־פונאַנדערוויקל.

**דְּגִימָה**, נ. פּרווון־נעמונג.

**דְּגִירָה**, נ. אויסבריאונג; אויסוואַרמונג (הינדעלעך).

**דָּגֹל** (דָּגַל, יִדְגֹּל), פ״י. אויפֿהייבן פֿאָן אָ־דער שטאַנדאַרן.

— **הִדְגֵּל**, סאַלוטירן; מיליטעריש צוזאַ־מענגערופֿן ווערן.

— **דַּגֵּל**, אויפֿהייבן פֿאָן; פּרעזענטירן גע־ווער; רימען.

— **דַּגֵּל!** (דַּגֵּל נֶשֶׁק), פּרעזענטיר ס׳געווער! (מיליטערישע קאָמענדע).

— **הַדְגֵּל**, צוזאַמענרופֿן אונטער פֿאָן; רימען.

**דֶּגֶל**, ז. פֿאָן; שטאַנדאַר; מיליטער־קאָמ־פּאַניע.

— **הִקָּרֵא אֶל הַדֶּגֶל**, מאָביליזירט ווערן אין מיליטער.

— **אֳנִיַּת הַדֶּגֶל**, קאָמאַנדאָר־שיף.

**דַּגָּל, דַּגְּלָן**, ז. פֿאָנען־טרעגער.

**דִּגְלוֹן**, ז. פֿאָנעלע.

(**דָּגֹם**), **הַדְגֵּם**, פ״י. ברענגען באַווייַז; גיבן אַ מוסטער: אילוסטרירן אַ מוס־טער.

— **דַּגֵּם**, סטאַנדאַריזירן.

— **הֻדְגַּם**, געבראַכט ווערן ווי אַ מוס־טער; סטאַנדאַריזירט ווערן.

**דֶּגֶם, דֶּגֶם**, ז. **דֻּגְמָא, דֻּגְמָה**, נ. מוסטער; מאָדעל; בייַשפּיל; פּראָבע.

— **לְדֻגְמָה**, צום בייַשפּיל: למָשל; ווי אַ מוסטער.

**דֻּגְמָאִי**, ת. מוסטערהאַפֿטער.

**דֻּגְמָן**, ז. מאַנעקין: מאָדעלמאַן.

**דֻּגְמָנִית**, נ. מאָדעלקע.

**דֻּגְמָתִי**, ת. מוסטערהאַפֿטער.

**דָּגָן**, ז. תְּבוּאָה; קאָרן.

**דַּגֵּן**, פ״י. אייַנזאַמלען תְּבוּאָה.

**דְּגָנִיָּה**, נ. קאָרנבלימל.

**דְּגָנִיִּים**, ת״ר. תְּבוּאָהדיקע.

**דָּגֹר** (דָּגַר, יִדְגֹּר), פ״י. אויסברי̈ען; אויס־וואַרעמען (הינדעלעך); קוואָקען.

— **הַדְגֵּר**, מאַכן אויסברי̈ען.

— **הֻדְגַּר**, געזעצט ווערן אויף אויסצוברי̈־ען; אַרייַנגעלייגט ווערן אויסצוברי̈ען.

**דֶּגֶר**, ז. אויסברי־פּלאַץ.

**דָּגֵשׁ**, ז. דָגֵשׁ־צייכן; טראָפּ אין אַן אות.

— **דָּגֵשׁ חָזָק**, טראָפּ צו פֿאַרדאָפּלען דעם אות.

— **דָּגֵשׁ קַל**, טראָפּ אין די אָנפֿאַנג־אות־יות בג״ד כפ״ת און צו ענדערן די אויסקלאַנגען פֿון ב—בּ, כ—כּ, פ—פּ א״א.

**דָּגֹשׁ** (דָּגַשׁ, יִדְגֹּשׁ), פ״י. שטעלן אַ דָגֵשׁ, שטעלן אַ טראָפּ.

— **הִדָּגֵשׁ**, פּונקטירט ווערן מיט אַ דָגֵשׁ; אַקצענטירט ווערן.

— **דַּגֵּשׁ**, שטעלן דעם טראָפּ; אונטער־שטרייַכן.

— **הַדְגֵּשׁ**, אַקצענטירן; אונטערשטרייַכן.

— **הֻדְגַּשׁ**, אַקצענטירט ווערן; אונטער־געשטראָכן ווערן; שטעלן אַ דָגֵשׁ.

**דַּגְשׁוּת**, נ. אַקצענטירונג מיט אַ דָגֵשׁ.

**דַּד**, ז. ברוסט; ברוסט־וואָרצל; צאַפּן; קראַן; פֿרוכטן־קעפּל.

**דַּדֵּה**, פ״ע. אונטערשפּרינגען; אונטער־טאַנצן; פ״י. לערנען אַ קינד גיין; אַרייַנוואַרפֿן.

— **הַדֵּדֵה, הִתְדַּדֵּה**, באַוועגן זיך פּאַמע־לעך.

(דָּהב) הַדְהֵב, פ״י. אָנטון צגמת נֶפֶש; אָנטון צַער.

— הַדְהֵב פָּנִים, מאַכן עמעצנס פָּנים גרין פון צַער.

דְּדָנוּת, נ. קראַנקהאַפֿטע בריסטן־וווקס ביי מענער.

דַּדָנִית, נ. גרויס־ברוסטיקע; גרויס־אייטערדיקע.

דְּהַב, דְּהַבָא, ז. גאָלד; גאָלד־מטבע.

דְּהֲבִי, ז. גאָלדשמיד.

דָּהה (דָּהָה, יִדְהֶה), פ״ע. אָפּבליאַקעווען; אָפּבלאַקירט ווערן; אָפּגעקראָכן ווערן; אָפּגעשאָסן ווערן.

— דַּהֵה, אָפּבליאַקעווען; אָפּגעשאָסן ווערן.

— הַדְהֵה, אָפּבלאַקירן; אָפּקריכן.

דֵּהֶה, ת. אָפּגעבליאַקעוועטער; אָפּגעשאָסענער; אָפּגעקראָכענער; אויסגעבלייכטער.

דָּהוּי, ת. אָפּגעבליאַקעוועטער; אָפּגעבאַרעטער; אָפּגעקראָכענער; אָפּגעשאָסענער.

דִּהוּי, ז. דְּהִיָּה, נ. אָפּבליאַקונג; אָפּשיסונג; אָפּבלייכונג; אָפּקריכונג.

דְּהִי, ז. אָפּגעבליאַקעוועטקייט; אָפּגעבאַרעטקייט; אָפּגעקראָכנקייט.

דְּהַיְנוּ, תה״פ. צום ביישפּיל; אַזוי צו זאָגן.

דְּהִירָה, נ. גאַלאָפּ; גאַלאָפּירונג.

דַּהְלִיָּה, נ. דאַליע; געאָרגיניע (בלום).

(דָּהם) הִדָּהֵם, פ״י. צעטומלט ווערן; געפלעפט ווערן; פאַרבליפט ווערן; נשתומם ווערן.

— הִדְהֵם, מאַכן געפלעפט; מאַכן פאַרבליפט; צעטומלען; מאַכן דערשטוינען.

— הֻדְהַם, געפלעפט ווערן; צעטומלט ווערן.

דֹּהַן, ז. שמירעכץ; פעטס; פּאָמאַדע.

דַּהֵן, פ״י. שמירן מיט פעטס.

— דֻּהַן, געשמירט ווערן מיט פעטס.

דָּהר (דָּהַר, יִדְהַר), פ״ע. גאַלאָפּירן; שנעל לויפן.

— הַדְהֵר, מאַכן גאַלאָפּירן; צואיילן.

— הֻדְהַר, צוגעאיילט ווערן צו גאַלאָפּ.

דַּהַר, ז. דַּהֲרָה, נ. גאַלאָפּ; גאַלאָפּעריי.

דַּהֲרְהֶרֶת, נ. לייכטער גאַלאָפּ.

דּוּ־, ת. צווייאיקער; צווייער.

— דּוּ־אוֹפַן, צווייערדערדיק וועגעלע.

— דּוּ־יָדוּת, צווייהענטיקייט (פעאיקייט צו באַנוצן ביידע הענט, מיט דעם זעלבן כוח).

— דּוּ־לְשׁוֹנִי, צווייספּראַכיקער.

— דּוּ־מַשְׁמָעִי, צווייטייטיקער.

— דּוּ־קִיּוּם, קאָעקזיסטענץ.

— דּוּ־קְרָב, דועל.

— דּוּ־רְאִיָּה, דאָפּלזעאונג (איין זאַך געזען ווי צוויי).

— דּוּ־שִׂיחַ, דיאַלאָג.

דּוּאִית, נ. דועט.

דַּוָּאר, ז. פּאָסט־טרעגער; בריוו־טרעגער.

דּוֹבֵר, ז. שפּרעכער; אָפיציעלער דערקלערער.

דּוֹבְרָה, נ. טראַטווע.

דּוּג (דָּג, יָדוּג), פ״י. פאַנגען פיש.

דַּוָּג, ז. פיש־פאַנגער.

**דוּגָה**, נ. פִּיש־פַאנג.

— **סִירַת־דוּגָה**, פִישער־שִיפל.

**דוּגִית**, נ. ברעג־שיפל; ראַפּסאָדע (שיפל איבערצופירן פון אַ גרויסע שיף צום ברעג); פישער־שיפל.

**דוֹגֶרֶת**, נ. אויסבריִערין (יעדע עוף וואָס בריט אויס עופעלעך).

**דוּד**, ז. (ר׳ דוּדִים, דְוָדִים), קעסל; פאַס.

**דַוָּד**, ז. קעסל־מאַכער.

**דוֹד**, ז. פעטער; פריינד; געליבטער.

**דוּדָא**, ז. מאַנדראַגאָרא (פלאַנץ); קעסל; קאָרב; קויש.

**דוֹדָה**, נ. מומע.

**דוֹדִים**, ז״ר. ליבשאַפט; פריינדשאַפט.

— **עֵת דוֹדִים**, צייט צווישן תּנאָים און חתונה; צייט פון רייף זיין, פון פאַרקנסן זיך.

**דוֹדָן**, ז. קוזין; פלימעניק; שוועסטער־קינד.

**דוֹדָנִית**, נ. קוזינע; פלימעניצע; שוועסטערקינד.

**דָוֹה** (דָוָה, יִדְוֶה), פ״ע. ווייטיקן; האָבן צער; פאַראומערט זיין; זיין אין דעפרעסיע; קראַנק זיין.

— **הִדְוָה**, פאַרווייטיקט ווערן; פאַרצערט ווערן; קראַנק ווערן.

— **הִדְוָה**, גורם זיין צער, גורם זיין ווייטיק.

**דָוֶה**, ת. אָנגעווייטיקטער, קראַנקער, דעפרעסיווער; פיינפולער; צערפולער.

— **אִשָּׁה דָוָה**, פרוי אין מענסטרואַציע.

— **יוֹם דָוֶה**, שטייגערונג פון קראַנקהייט; ערב קריזיס.

**דְוּוִי**, ת. ליידנדיקער; געדריקטער; ווייטיקדיקער.

**דְוֹן, דָוֹן**, ז. צער; ווייטיק; עגמת־נפש.

(דוח) **הֻדַּח**, פ״ע. געשווענקט ווערן.

— **הֵדִיחַ**, שווענקען; אויסשווענקען.

— **הוּדַח**, געשווענקט ווערן.

**דוּחַ**, ז. באַריכטונג; באַריכט־אָפּגעבונג; ראַפּאָרטירונג.

**דוּ״חַ**, ז. (ראָשי תּיבות פון דין וחשבון) באַריכט; ראַפּאָרט.

**דִוֵּחַ**, פ״י. באַריכטן; ראַפּאָרטירן; אָפּגעבן אַ באַריכט.

**דַוָּח**, ז. רעפּאָרטער; באַריכט־אָפּגעבער.

**דוּחִי**, ז. אַמפיביע; אין וואַסער און אויף יבשה לעבנדיק באַשעפעניש (פראַש א״א).

**דוּחָל**, ז. סאַקסיקאָל (זינג־פויגל).

**דְוַי**, ז. ווייטיק; קראַנקהייט; דעפרעסיע.

— **עֶרֶשׂ דְוַי**, קראַנקהייטס־בעט.

**דָוָי**, ת. ליידנדיקער: אָנגעווייטיקטער; דעפרעסיווער; טרויערנדיקער; אומעטיקער.

**דוּךְ** (דָךְ, יָדוּךְ), פ״י. צעשטויסן (קערנער).

— **הִדּוֹךְ**, צעשטויסן ווערן.

**דוּכִיפַת**, נ. באַרגהאָן (רויבפויגל).

**דוּכָן**, ז. עסטראַדע; שטענדער; בעלעמער; פלאַטפאָרם; סטראַגאַן; טאָמבאַנק; ספּ. פּלאַץ פאַר כהנים ביים דוכנען.

— **רֵישׁ דוּכָן**, ז. בעלפער (ביים לערנען).

**דוּכְנַאי**, ז. קאָנפערענסיער; פאַרקויפער.

**דוכם**, ז. פירשט.

**דוללה**, נ. קנויל; פאָדעם־קנויל.

**דולפן**, ז. דעלפין (פיש).

**דום** (דָם, יָדום), פ״ע. שווייגן; שטיל־שווייגן.

— **דום!** אכטונג!

**דום**, ת. שטילשווייגנדיקער.

**דומה**, נ. שטילקייט; קבר־שטילקייט; גרוב־שטילקייט; פרוי מיט א שלעכטע רענאָמע; בארעדעריי.

— **יורד דומה**, געשטאָרבענער.

**דומה**, ת. ענלעכער; תה״פ. ענלעך.

— **דומני** (דומה אני), דאכט זיך מיר.

— **וכדומה**, און אזוי ווייטער.

**דומיה**, נ. שטילשווייגעניש; שטילקייט.

**דומם**, תה״פ. אין שטילקייט; אין שווייגעניש; אין רו.

**דומם**, ז. מינעראל; קעגנשטאנד; שטיל־לעבן (אין מאָלעריי).

**דומע**, ת. טרערן־פארגיסנדיקער; פאר־טרערטער.

**דון**, ז. צער; טרויער.

**דון** (דָן, יָדון), פ״י. משפטן; אורטיילן; באהאנדלען.

— **הדון**, געמשפט ווערן; געאורטיילט ווערן; באהאנדלט ווערן.

— **הנדון**, באהאנדלטער ענין.

— **בנדון**, אין באהאנדלטן ענין.

**דונג**, ז. וואקס.

**דונגית**, נ. וואקסל.

**דונם**, ז. דונאם (מאָס־איינהייט פאר שטח — 1000 קוו. מעטער).

**דופי**, ז. פעלער.

**דופיה**, נ. פלאָנדרע.

**דופן**, זו״נ. (ר׳ דפנות), וואנט; ווענטל.

— **יוצא דופן**, אויסנאמלעכער.

**דופק**, ז. פולס.

**דוץ** (דָץ, יָדוץ), פ״ע. פרייען זיך; אונ־טערטאנצן; אונטערשפרינגען.

— **הדץ**, פריילעך מאכן.

**דוק**, ז. הימל.

**דוק** (דָק, יָדוק), פ״ע. נאָכדענקען; פע־דאנטיש זיין; פינקטלעך זיין.

**דוקא**, תה״פ. נאָר; אזוי און נישט אנ־דערש; פינקטלעך; געווי.

**דוקן**, ז. פינקטלעכער; פעדאנט; איינגע־שפארטער.

**דוקרב**, ז. דועל.

**דוקרן**, ז. פלאנצן־שטאנג; (אונטערצולע־גען צווייגן); צינגל־שארף (אין ביקס, רעוואָלווער).

**דוקרני**, ת. צאָרנדיקער; שטעכעדיקער; שטעכיקער.

**דור**, ז. לעבנסצייט פון א מענטש; דור.

— **דור יתום**, תקופה פון אנארכיע (אן מנהגים).

**דור** (דָר, יָדור), פ״ע. וווינען.

— **דייר**, באזעצן אין א דירה.

**דור**, ז. בריוווטרעגער; פאָסטטרעגער.

**דור**, ז. קרייז; באלם; רונד.

**דורה**, נ. סאָרגע (פאשע־תבואה).

**דורון**, ז. געשענק; פרעזענט; מתנה.

**דורי**, ת. דאָרישער סטיל.

**דּוֹרְסָנִי**, ת. צעמאָרשטשנדיקער; פּאַר־ציקנדיקער.

**דּוֹרֵשׁ**, ז. בּעַל-דַרשן.

**דּוּשׁ** (דָּשׁ, יָדוּשׁ), פּ״י. צעמאָלן; דרע־שען; צעטרעטן; שלאָגן פּאַרביסן; קומען צו אַ פּרוי; צוגעווויגען זיך.

— **הָדוֹשׁ**, געדרעשעט ווערן; געשלאָגן ווערן; געטרעטן ווערן; צעטרעטן ווערן.

— **דַּיֵּשׁ**, דרעשן; טרעטן; טראַטעווען.

— **דַּוֵּשׁ**, אָנקוועטשן אויף אַ פּעדאַל; באַוועגן אַ פּעדאַל; פּעדאַלירן.

**דַּוְשָׁה**, נ. פּעדאַל; טרעטער.

**דּוּת**, נ. אַרומגעבויטער גרוב.

**דָּחֹה** (דָּחָה, יִדְחֶה), פּ״י. אָפּשטופּן; אָפּ־שטויסן; אָפּוואַרפן; אָפּזאָגן (אַ בַּקָשָׁה); אָפּלייגן (אַ פּײַערונג).

— **הִדָּחֶה**, אָפּגעשטופּט ווערן; אָפּגע־שטויסן ווערן; אָפּגעוואָרפן ווערן, אָפּגעזאָגט ווערן; אָפּגעלייגט ווערן.

— **נִדְחֶה**, אָפּגעלייגטער; אָפּגעשטופּטער; אָפּגעוואָרפענער; איבערגערוקטער יום־טוב.

— **דֻּחָה**, אָפּגעלייגט ווערן; אָפּגעשטופּט ווערן.

— **הַדְחֵה**, אָפּשטופּן; אָפּשטויסן.

— **הִדַּחֵה**, אָפּגעשטופּט ווערן; אָפּגע־שטויסן ווערן.

**דְּחוּי**, ז. אָפּשטויסונג; אָפּלייגונג.

**דָּחוּי**, ת. אָפּגעשטויסענער; אָפּגעשטופּ־טער.

**דַּחְוָן**, ז. טיי־וועגעלע; סאַלאָן־טישל.

**דָּחוּס**, ת. ענגער; געדיכטער; צוזאַמענ־געדריקטער.

**דָּחוּף**, ת. אײַליקער; שנעלער; עקס־פּרעס.

**דָּחוּק**, ת. ענגער; קאַרגער; געדריקטער; אונטערדרדריקטער.

**דְּחִי**, **דֶּחִי**, ז. דורכפאַל; אומפאַל; שטרויכ־לונג; דערפּאַלגלאָזיקייט.

— **מִדְּחִי אֶל דֶּחִי**, פון איין צָרה אַרויס אין דער צווייטער אַרײַן.

**דְּחִיָּה**, נ. אָפּלייגונג; אָפּזאָג; אָפּשטופּ; אָפּוואַרפונג.

**דָּחִיל**, ת. שרעקלעכער; דראָענדיקער; שוידערלעכער; שרעקעוודיקער.

**דְּחִילָה**, **דְּחִילוּ**, נ. שרעק; פּחד; ער־פּורכט.

—**בִּדְחִילוּ וּרְחִימוּ**, מיט ערפּורכט און ליבשאַפט; מיט פאַרערונג.

**דְּחִילוּת**, נ. שרעקעוודיקייט; פורכטלעכ־קייט.

**דְּחִיסוּת**, נ. ענגשאַפט; געדיכטקייט.

**דְּחִיפָה**, נ. שטויס; אָנרעג; אינספּירי־רונג; אימפּולס.

**דְּחִיפוּת**, נ. אײַליקייט; דרינגלעכקייט.

**דָּחִיק**, ז. שטאַרקער דָגֵשׁ בײַם פאַר־בינדען צוויי ווערטער.

**דְּחִיקָה**, נ. קלעם; שטופּעניש; שטוי־סונג; געשטויס.

**דַּחְלוּל**, **דַּחְלִיל**, ז. סטראַשידלע.

**דַּחְלִילִי**, ת. מאָנסטערלעכער.

**דֹּחַן**, ז. הירזש (דינע געלבלעכע גרויפּן).

**דַּחֶנֶת**, נ. מיליאַריאַ, הויט־קראַנקהייט.

**דָּחֹס** (דָּחַס, יִדְחַס), פּ״י. שטויסן; צו־זאַמענשטויסן; אַרײַנשטויסן; אַרײַנ־פּרעסן.

— הִדָּחֵם, צוזאַמענגעשטויסט ווערן; אַ־ריַינגעפּרעסט ווערן.

— הַדְחֵם, אַריַינפּרעסן; אַריַינשטויסן; געדיכט ווערן.

— הָדְחֵם, אַריַינגעפּרעסט ווערן.

— הִתְדַּחֵם, צוזאַמענפּרעסן זיך.

דַּחַס, ז. געדיכטקייט; איַינגעפּרעסטקייט; געוועב־אָנצינדונג אויף אַ פֿינגער (פּאַ־נאַרידיום).

דְּחָסָה, נ. דרוק; פּרעסונג.

דְּחֹסֶת, נ. ענגשאַפֿט.

דַּחַף, ז. שטויס; אימפּולס; אימפּעט.

— אֲוִירוֹן דַּחַף, סילאָן־עראָפּלאַן.

דֹּחַף, ז. אימפּולס.

דָּחַף (דָּחַף, יִדְחַף), פּ״י. שטופּן; אָפּ־שטופּן; שטויסן; צואיַילן; טריַיבן.

— הִדָּחֵף, געשטויסן ווערן; אָפּגעשטויסן ווערן; געשטופּט ווערן; צוגעאיַילט ווערן; איַילן זיך; שטופּן זיך.

דַּחְפּוֹנִי, ת. אימפּולסיווער.

דַּחְפּוֹר, (פֿון דְּחַף־חָפַר), ז. בולדאָזער; גראָב־מאַשין.

דָּחַק (דָּחַק, יִדְחַק), פּ״י. צואיַילן; צו־קוועטשן; פּיַיניקן; אונטערדריקן.

— דָּחוֹק אֶת הַקֵּץ, צואיַילן דאָס אָנ־קומען פֿון מָשיחן.

— דָּחֹק אֶת הַשָּׁעָה, דריקן אויף דער שָׁעה; ספּעציעל צואיַילן.

— הִדָּחֵק, שטופּן זיך; דורכשטופּן זיך; זיַין אין אַ שווערן מַצב; זיַין אין קלעם.

— דַּחֵק, שטופּ;

— הַדְחֵק, אַרויסקוועטשן; אַריַינקווע־טשן; פֿאַרשטויסן פֿון באַוווסטזיַין.

— הָדְחֵק, אַרויסגעקוועטשט ווערן; אַ־ריַינגעקוועטשט ווערן; פֿאַרשטויסן ווערן פֿון באַוווסטזיַין.

דֹּחַק, דְּחָק, ז. מאַנגל; דרוק; נויט; ענג־שאַפֿט.

דַּחֲקוּת, נ. מאַנגל; אָרעמקייט; נויט; ענגשאַפֿט.

דַּי, תה״פּ. גענוג; גענוגנט.

— דַּי וְהוֹתֵר, איבער גענוג.

— לֹא דַּי שֶׁ־, נישט גענוג וואָס.

— עַד בְּלִי דַּי, אָן אַ סוף.

— בְּדֵי, צוליב; פֿאַר.

— כְּדֵי, אום; אין דער מאָס; גענוג אום; געהעריק.

— כְּדֵי שֶׁ־, ס׳זאָל; פֿאַר; צוליב.

— מִדֵּי, יעדעס מאָל.

— תּוֹךְ כְּדֵי, אין מאָמענט; אַגבֿ.

— מִדַּי, צו; אין דער נאָרמע.

— יוֹתֵר מִדַּי, צופֿיל.

— גָּדוֹל מִדַּי, צו גרויס; צו גרויסער.

דַּיָּג, ז. פֿישער.

דִּיג (דָּג, יָדִיג), פּ״י. פֿאַנגען פֿיש.

— דַּיֵּג, פֿאַרנעמען זיך מיט פֿיש־פֿאַנג.

דַּיִג, פֿיש־פֿאַנג.

דַּיָּגוּת, נ. פֿיש־פֿאַנגעריי.

דִּידִי, מ״ג. מיַין; מיַינע.

דִּידָךְ, דִּידָךְ, דִּידוֹ, דִּידָהּ, (דִּידָהּ), דִּידֵנוּ, דִּידְכֶם־ן, דִּידָם־ן, — דיַין, דיַינע, זיַין, זיַינע, איר, אירע, אונז, אונזערע, איַיער, איַיערע, זייער, זייערע.

— לְדִידִי, פֿון מײַן זײַט; פֿון מײַנעט־וועגן.

— לְגַבֵּי דִידִי, וואָס שײַך מיר.

— בְּנִדּוֹן דִידָן, מיט דער זאַך מיט וועלכער מיר פֿאַרנעמען זיך.

דַיָּה, נ. שפּאַרבער (רויבפֿויגל).

דְיוֹ, זו״נ. טינט.

— בֵּי־דְיוֹ, בֵּית־דְיוֹ, טינטער.

דְיוֹבִים, ז. פּיפּעט; טראָפּן־רערל; סיפֿאָן־רערל.

דִיוּג, ז. פֿישפֿאַנג.

דְיוֹטָה, נ. שטאָק; גאָרן.

דִיוּל, ז. סאַרוועראַפֿט; קעלנערישקייט.

דְיוֹמָד, ז. דאָפּל־זײַל.

דִיוּן, ז. באַהאַנדלונג; אורטיילונג; מִשפּטונג.

דְיוֹנוּן, ז. טינט־לײַבעלע (שלימאַקאַרטיק באַשעפֿעניש מיט טינט־דריז).

דְיוֹפִי, ז. פּיפּעט; טראָפּן־רערל; סיפֿאָן־רערל.

דְיוֹפָן, ז. צוויי־רעדלדיק וועגעלע.

דִיוּק, ז. פּינקטלעכקייט; עקזאַקטקייט; גענויִקייט.

— בְּדִיוּק, פּינקטלעך; עקזאַקט; גענוי.

דְיוֹקָן, ז. פּאָרטרעט; אָפּבילד.

דְיוֹקְנָאוּת, נ. פּאָרטרעטירונג.

דְיוֹקְנַאי, ז. פּאָרטרעטיסט.

דַיָּר, ז. דירה־אײַנוווינער.

דִיוּר, ז׳ וווינונג־וועזן; וווינשאַפֿט; וווינונג.

דִיוּת, נ. דורכשפּריצונג; דורכזײַאונג. דורכטראָפּונג; רעטושירונג.

דַיּוּת, גענוגשאַפֿט.

דְיוֹת, נ. טוש.

דְיוֹתָה, נ. טינטער.

דִיכָה, נ. שטויסונג (אין אַ מערזשל).

דַיָּל, דַיָּל, ז. סאַרווער; קעלנער; סטיוּאַרד.

דִילְטוֹר, ז. דענונציאַנט; פּראָוואָקאַטאָר.

דַיֶּלֶת, נ. סערווירערין; עראָפּלאַן־באַדינערין; סטיוּאַרדעס.

דִימוּס, ז. באַגנעדיקונג; אַמנעסטיע; דעמיסיע.

דִין (דָן, יָדִין), פּ״י. מִשפּטן; פּירן אַ געריכטס־פֿאַרהאַנדלונג; שטראָפֿן; באַשטראָפֿן; אַרויסגעבן אַן אורטייל; פֿאַרהאַנדלען; הערשן.

— הִדּוֹן, געמִשפּט ווערן; פֿאַראורטײלט ווערן.

— הַנִּדּוֹן, די באַהאַנדלטע פֿראַגע; פֿאַרמִשפּטער.

— דַיֵּן, דיסקוטירן; באַהאַנדלען; שפּאַרן זיך.

— הִדַּיֵּן, הִתְדַיֵּן, פּראָצעסירן זיך; לאָדן זיך; לאָדן צום געריכט.

דִין, ז. מִשפּט; פּראָצעס; געריכט־פֿאַרהאַנדלונג; גערעכטיקייט; געזעץ; פֿאָרשריפֿט; אויספֿיר; סבֿרה.

— בֵּית־דִין, ז. געריכט.

— בַּעַל־דִין, ז. געריכט־מאַנער.

— מִדַּת הַדִּין, נ. לויט דער שטרענגקייט פֿון געזעץ (אָן רחמים).

— נָתוֹן דִין, קומען פֿאַרן געריכט.

— עוֹרֵךְ דִין, ז. אַדוואָקאַט.

— דִין וְחֶשְׁבּוֹן, באַריכט; ראַפּאָרט.

— פְּסַק דִּין, ז. אורטייל.

— דִּינִים, ז״ר. רעליגיעזע געזעצן.

— דִּינֵי מָמוֹנוֹת, ז״ר. ציוויל־געזעצן; געלט־געזעצן.

— דִּינֵי נְפָשׁוֹת, ז״ר. קרימינאַל־געזעצן.

דַּיָּן, ז. ריכטער; שופֿט; מורה הוראה.

דִּינָא, ז. פּראָצעס; מִשפּט.

דַּיָּנוּת, נ. ריכטער־אַמט.

דַּיְּנָן, ז. מענטש, וואָס האָט ליב זיך צו מִשפּטן.

דִּינָר, ז. דינאַר (מַטבֵּעַ).

דַּיסָה, ז. קאַשע; גריץ.

דִּיסְקָא, נ. דאָפּל־זאַק (אָנצוהענגען לאַסט אויף אַ שלעפּ־חיה).

דַּיְסִית, נ. אַטעראָמאַ, פֿעטס־אָנוווקס בײַם מילך־דריז (מעד.).

(דִּיעֲבַד) בְּדִיעֲבַד, תה״פּ. לאַחר המַעשׂה; פּאָסט־פֿאַקטום; נאָך דעם ווי די זאַך איז אָפּגעטון געוואָרן.

דִּיצָה, נ. פֿרייד; טאַנץ.

דַּיֵּק, פּ״ע. זײַן פּינקטלעך; זײַן סקרופּולאַט; זײַן עקזאַקט; זײַן גענוי.

דָּיֵק, ז. שוץ־וואַל; באַסטיאָן.

דַּיְקָן, ז. פּינקטלעכער; פּעדאַנט.

דַּיְקָנוּת, נ. פּינקטלעכקייט; עקזאַקטקייט; גענויקייט.

דִּיר, ז. שעפּסן־שטאַל.

דַּיָּר, ז. לאָקאַטאָר; אײַנוווינער (אין אַ דירה)

— דַּיַּר מִשְׁנֶה, סובלאָקאַטאָר.

דַּיָּרָה, נ. לאַרווע; גולמ׳ל (פֿון אַן אינזעקט).

דִּירָה, נ. וווינונג; תְּבוּאָה־ווערמל.

דַּיִשׁ, ז. דרעש־צײַט; דרעשונג; טרעטונג.

דַּיָּשׁ, ז. דרעשער.

דִּישָׁה, נ. דרעשונג; טרעטונג; שטויסונג; פֿרוי־באַשלאָפֿונג (איבערג.).

דִּישׁוֹן, ז. אַנטילאָפּע.

דַּיֵּת, פּ״י. פֿאַרטושירן; איבערשרײַבן מיט טוש; דורכשפּראָצן; דורכטריפֿן.

— הִתְדַּיֵּת, דורכשפּראָצן; פֿאַרטושירט ווערן.

דַּיָּת, ז. רעטושירער.

דַּיִת, נ. עקסוראַט, אויספֿלוס פֿון בלוט־געפֿעס.

דְּיָתֵיקִי, נ. טעסטאַמענט; צַוָואה אין שריפֿט.

דַּךְ, ת. (ר׳ דַּכִּים), געפּײַניקטער; אומגליקלעכער; דערנידעריקטער; אונטערדריקטער; בצוולהטער.

(דכא) הִדַּכֵּא, אונטערדריקט ווערן; דערנידעריקט ווערן; אונטעריאָכט ווערן; פֿאַרשמאַכט ווערן.

— דַּכֵּא, אונטערדריקן; אונטעריאָכן; פּײַניקן; פֿאַרשמאַכטן; קלעמען; צודריקן; אַרײַנברענגען אין דעפּרעסיע; צעמאָרשטשען.

— דֻּכּוֹא, געפּײַניקט ווערן; אונטערדריקט ווערן; געקלעמט ווערן.

— הִדַּכֵּא, געפּײַניקט ווערן; אַרײַנגעבראַכט ווערן אין דעפּרעסיע.

דַּכָּא, זו״ת. אונטערטעניקער; אונטערדריקטער; אַפּאַטיש; דעפּרעסיש; שטויב.

— עַד דַּכָּא, ביז צו פֿאַרניכטונג.

דִּכָּאוֹן, ז. אַפּאַטיע; דעפּרעסיע; דער־דריקטקייט; דערשלאָגנקייט.

דַּכְּאוּת, נ. דעפּרעסיע; אונטערדריקונג.

דִּכְדּוּךְ, ז. דערשלאָגנקייט; דעפּרעסיע; אַפּאַטיע.

דִּכְדֵּךְ, פ״י. צודריקן; צעקלעמען; גייַ־סטיק צעברעכן; דעפּרימירן.

— דֻּכְדַּךְ, צוגעדריקט ווערן; צעקלעמט ווערן; גייַסטיק צעבראָכן ווערן; דע־פּרימירט ווערן.

דָּכָה (דָּכָה, יִדְכֶּה), פ״ע. צעבראָכן ווע־רן; צעקלעמט ווערן; אונטערי־אָכט ווערן.

— הִדְכָּה, געפּייַניקט ווערן; צעבראָכן ווערן; אונטערדריקט ווערן.

— דִּכָּה, פּייַניקן; קלעמען; צעברעכן; אונטערדריקן; צעמאָרשטשען.

— דֻּכָּה, געפּייַניקט ווערן; אונטערדריקט ווערן; צעמאָרשטשעט ווערן.

דַּכָּה, נ. צעברעכונג; צעמאָרשטשונג; בראָך; געשלאָגנקייט.

— פְּצוּעַ דַּכָּה, מיט פֿאַרוווּנדעטע אייער.

דִּכּוּי, ז. אונטערדריקונג; רעפּרעסיע.

דָּכוּי, ת. צעבראָכענער; אונטערדריק־טער.

דֹּכִין, ז. אונטערשטעל; קעסל־אייַנזאַץ.

דֳּכִי, ז. געבריל פֿון כוואַליעס; כוואַליע־דונער.

דַּכֵּךְ, פ״י. צודריקן; צעקלעמען. זע דִּכְדֵּךְ.

דֻּכָּס, ז. פֿירשט; הערשער.

דֻּכָּסוּת, נ. פֿירשטלעכקייט; פֿירשטנטום.

דַּל, ת. אָרעמער; נעבעכדיקער; מאָגע־רער; בּישטיקער; וויניקלעכער. ז. אָפּ־קירצונג פֿון דֶּלֶת, טיר; עפֿנונג.

— עַל דַּל שְׂפָתָיו, אויף דער עפֿענונג פֿון זייַן מויל.

דַּלַּאי, דַּלַּי, ז. וואַסער־שעפּער.

דֹּלֶב, ז. קלאָן (בוים).

דָּלַג (דָּלַג, יִדְלֹג), פ״ע. איבערשפּרינגען; איבערהיפּערן (אין לייענען).

— דִּלֵּג, שפּרינגען; איבערהיפּערן.

דִּלּוּגִית, נ. שפּרינג־שנור (פֿאַר קינדער).

דִּלְדּוּל, ז. אָפּגעשוואַכטקייט; פֿאַרשוואַכט־קייט; דערשעפּונג; נאָכבאַמבלונג; אַ־ראָפּהענגונג.

דִּלְדֵּל, פ״י. אָפּשוואַכן; דערשעפּן; פֿאַר־אָרעמען.

— דֻּלְדַּל, אָפּגעשוואַכט ווערן; דער־שעפּט ווערן; פֿאַראָרעמט ווערן; אַ־ראָפּגעהאָנגען זייַן.

— הִתְדַּלְדֵּל, הִדַּלְדֵּל, פֿאַראָרעמט ווערן; גיין צו גרונט; דערשעפּט ווערן; נאָכבאַמבלען זיך.

דַּלָּה, נ. אָרעמקייט; לאָק; פֿרענדזל.

— דַּלַּת־הָעָם, אָרעמקייט; פּשוט פֿאָלק; פּלעבס.

דָּלָה (דָּלָה, יִדְלֶה), פ״י. שעפּן; אויס־שעפּן (וואַסער); אויסשעפּן (איבערג.).

— הִדָּלָה, געשעפּט ווערן; אויסגעשעפּט ווערן.

— דִּלָּה, אַרויסשעפּן; אַרויסציִען; אַרויס־הייבן.

— הִדְלָה, אויפֿהייבן ווייַנשטאָק און אונ־טערשפּאַרן אויף דרענגער.

— הֻדְלָה, אויפֿגעהויבן ווערן (ווייַנשטאָק

כְּדֵי אונטערצושפּאַרן קעגן אַראָפּ־פּאַלן.

דִּלּוּג, ז. איבערשפּרונג; איבערהיפּערונג.

— בְּדִלּוּגִין, מיט איבערהיפּערונגען.

דָּלוּחַ, ת. מוטנער; שמוציקער.

דִּלּוּי, ז. שעפּונג.

דָּלוּל, ת. נישטיקער; אָרעמער; מאָגע־רער; שיטערער.

— מַיִם דְּלוּלִים, פּלאַך וואַסער.

דִּלּוּל, ז. שיטערער־מאַכונג; אויספּלאַנץ (צווישן גרינסן כְּדֵי אַנדערע זאָלן בעסער וואַקסן).

דִּלּוּעִיִּים, ת״ר. אוגערקע־אָפּשטאַמיקע (מִשְׁפָּחָה פון געוויקסן).

דָּלוּק, ת. אָנגעצונדענער; ברענענדיקער.

דַּלּוּת, נ. אָרעמקייט; געפּאַלנקייט; מאַנ־גל; מאָגערקייט.

דָּלַח (דָּלַח, יִדְלַח), פ״י. מוטנע מאַכן; צעמישן און פּאַראומרייניקן (וואַסער).

— הִדָּלֵחַ, צעמאָנטשעט ווערן; צעמישט ווערן (וואַסער).

— הִדְלִיחַ, מוטנע מאַכן; צעמאָנטשען; פּאַראומרייניקן (וואַסער).

דֶּלַח, ז. שמוץ; קויט.

דַּלַּחַת, נ. רינשטאָק; אָפּפּלוס (פּאַר שמו־ציק וואַסער).

דְּלִי, ז. (ר׳ דְּלָיִים), עמער; צעבער; שע־פּער.

דְּלִיגָה, נ. שפּרונג; אויפשפּרונג.

דְּלִיָּה, נ. שעפּונג; וואַסער־שעפּונג.

דָּלִיָּה, נ. רוט; ריטל; וויטש; דינע און לאַנגע צווייַג.

דָּלִיּוֹת, דָּלִית, נ. אָדערן־אויסברייטע־רונג. וואַריקס (קראַנקהייט פון די פיס־אָדערן).

דְּלִיחָה, נ. צעמאָנטשונג; צעמישונג; פּאַר־אומרייניקונג.

דְּלִיחוּת, נ. מוטנעקייט.

דָּלִיל, ת. שיטערער.

דְּלִיל, ז. שנור; בענדל; נאָכהענגענדיק בענדל.

דְּלִילוּת, נ. שיטערקייט.

דְּלִיפָה, נ. רינונג; דורכרינונג; דורכ־טראָפּונג.

דָּלִיק, ת. לייַכטברענענדיקער; לייַכט זיך אָנצינדנדיקער.

דְּלֵקָה, נ. פּייַער; שְׂרֵיפָה; פּאַרפּאָלגונג.

דְּלִיקוּת, נ. לייַכטברענענדיקייט.

דָּלִית, דָּלִיָּה, נ. דינע, בויגעוודיקע צווייַג.

דָּלַל (דָּלַל, יִדְלַל), פ״ע. ווינציקער ווע־רן; אָרעם ווערן; מאָגער ווערן; אויפהייבן; אַראָפּהענגען.

— מַיִם דְּלוּלִים, פּלאַך וואַסער.

— דִּלֵּל, שיטערער מאַכן; גרוימער מאַכן (צווישן פּלאַנצן).

— דֻּלּוֹל, שיטערער ווערן; גרוימער ווע־רן (צווישן פּלאַנצן).

— הֵדֵל, מאַכן שיטערער (צווישן פּלאַנ־צן).

דֶּלֶם, ז. פּעלשונג; אָפּנאַרערייַ; אַפּערע; פּאַרדאָרבנקייט; פּעלער.

דִּלְמָא, תה״פ. טאָמער.

דַּלַּעַת, דְּלַעַת, נ. קירביס; דיניע.

דָּלַף (דָּלַף, יִדְלֹף), פ״ע. טריפן; פּייַכט ווערן; קאַפּען; רינען; טרערן.

— הַדְלֵף, מאַכן רינען; מאַכן קאַפּען; מאַכן טריפֿן.

דֶּלֶף, ז. רינונג (וואַסער פֿון דאַך); קאַפּונג; רעגן־טראַכן.

דִּלְפָּה, נ. רינע; דאַך־רער.

דַּלְפוֹן, ז. אֶבְיוֹן; אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס.

דָּלְפָן, ז. אַזעלכער וואָס זײַנע אויגן טרערן תָּמִיד.

דַּלְפֵּק, דֶּלְפְּקִי, ז. דרײַפֿיסיק טישל; טאָמבאַנק.

דָּלֹק (דָּלַק, יִדְלַק), פ״ע. ברענען; פֿאַרברענען; אָנצינדן; פ״י. פֿאַרפֿאָלגן; נאָכיאָגן.

— הִדָּלֵק, אָנצינדן זיך; פֿאַרברענט ווערן; פֿאַרברענען זיך.

— הַדְלֵק, אָנצינדן.

— הָדְלֵק, אָנגעצונדן ווערן.

דֶּלֶק, ז. ברענשטאָף.

דְּלֵקָה, נ. בראַנד; שְׂרֵפָה.

דַּלֶּקֶת, נ. אָנצינדונג (אינפֿעקציע־קראַנקהייט).

דַּלַּקְתִּי, ת. אין צושטאַנד פֿון אינפֿעקציע; אינפֿעקציע־.

דֶּלֶת, נ. (ר׳ דְּלָתוֹת, נ״ז דְּלָתַיִם), טיר; זײַט; שריפֿט־זײַל; מגילה; ערשטע העלפֿט פֿון אַ סטראָף.

דָּלֶת, נאָמען פֿון פֿערטן אות אין א״ב—ד.

דַּלְתִּית, נ. טירל.

דָּם, ז. בלוט; טויט; מִלחמה (מליצה).

— דָּמִים, בלוט; ווערט; געלט; פּרײַז פֿון אַ זאַך; בלוט־שולד.

— אִישׁ דָּמִים, מערדער.

— שְׁפִיכוּת דָּמִים, בלוט־פֿאַרגיסונג; מאָרד; רציחה; פֿאַרשעמונג און באַליידיקונג.

— דְּמֵי־חֲנֻכָּה, חנוכה־געלט.

— דְּמֵי־כְּנִיסָה, אײַנטריט־אָפּצאָל.

— דְּמֵי־מַפְתֵּחַ, שליסלגעלט.

— דְּמֵי־מִשְׁלוֹחַ, פּאָרטאָ.

— דְּמֵי־קְדִימָה, האַנטגעלט; אַדערויף.

דְּמַאי, ז. תְּבוּאה מיט אַ סָפֵק צי ס׳איז פֿון איר אָפּגעטיילט געוואָרן מַעשׂר.

דְּמְדּוּם, דעמערונג; אונטערגאַנג.

דַּמְדֵּם, פ״ע. פּלוידערן; פּרעפּלען; זײַן אין צושטאַנד פֿון צעטומלונג (צוליב שִׁכּרות אואז״ו); טאָגן.

דַּמְדְּמָנִית, נ. פֿאַרטרוקנטע ווײַנטרויב אויפֿן ווײַנשטאָק.

דָּמֹה (דָּמָה, יִדְמֶה), פ״ע,פ״י. זײַן גלײַך; זײַן ענלעך; פֿאַרטיליקן; פֿאַרניכטן; אויפֿהערן.

— דּוֹמֶה, ענלעך.

— דּוֹמֶה אֲנִי (דּוֹמַנִי) שֶׁ־, עס זעט מיר אויס; איך טראַכט; ס׳שיינט מיר; איך מיין.

— הִדָּמֵה, זײַן ענלעך צו; אויסזען ווי; דאַכטן זיך; פֿאַרניכטעט ווערן; אומגעבראַכט ווערן.

— נִדְמֶה לִי, ס׳דאַכט זיך מיר.

— דַּמֵּה, פֿאַרגלײַכן; ריכטן; מיינען; פֿאָרשטעלן.

— דַּמֵּה בְּנַפְשְׁךָ, שטעל זיך פֿאָר.

— דֻּמָּה, פֿאַרגליכן ווערן; פֿאָרגעשטעלט ווערן.

— מְדֻמֶּה, אויסגעטראַכטער.

— כִּמְדֻמֶּה לִי, כִּמְדֻמַּנִי, ס׳שײַנט מיר; ס׳זעט מיר אויס.

— הִדַּמֵּה, פֿאַרגלײַכן זיך; ענלעך ווערן.

דֶּמֶה, ז. ערזאַץ; קינסטלעכער פֿאַרבײַט־קערפּער.

דְּמָה, נ. שטילקייט; רואיקייט.

דִּמּוּי, ז. פֿאַרגלײַכונג; ענלעכקייט; פֿאַר־שטעלונג; אידיי.

דִּמּוּיָה, נ. אַלעגאָריע.

דָּמוּי, ת. ענלעכער.

דָּמוּם, ת. שווײַגנדיקער: פֿאַרשווײַגנדי־קער; בלוטנדיקער.

דִּמּוּם, ז. בלוטיקונג.

דְּמוּמִית, נ. אַנעמאָן (בלום).

דִּמּוּעַ, ז. פּרוכט־ אָדער תְּבוּאָה־מישונג; טרערונג.

דָּמוּעַ, ת. טרערנדיקער.

דְּמוּת, נ. (ר׳ דְּמֻיּוֹת), געשטאַלט; ענ־לעכקייט; פֿאָרטרעט; פֿאָרם; באַצ. פֿאַר גאָט.

דָּמִי, ת. בלוט; בלוטפּולער.

דֳּמִי, ז. פּולשטענדיקע רו; שלווה.

— בִּדְמִי יָמַי, אין מײַנע מיטעלע יאָרן, אין מיינע בעסטע לעבנס־יאָרן.

דִּמְיוֹן, ז. (ר׳ דִּמְיוֹנוֹת), ענלעכקייט; גע־שטאַלט; פֿאָרשטעלונג; פֿאַנטאַזיע; געדאַנק.

— בַּעַל דִמְיוֹן, פֿאַנטאַזיאָר; טרוימער.

דִּמְיוֹנִי, ת. פֿאַנטאַסטישער; אויספֿאַנטאַ־זירטער; אויסגעטראַכטער.

דַּמְיוּת, נ. ענלעכקייט.

דָּמִים, ז״ר. בלוט; געלט־פּרײַז פֿון אַ זאַך; בלוט־שולד.

דְּמִימָה, נ. שווײַגונג; פֿאַרשווײַגן־ווע־רונג; בלוטיקונג.

דִּמְיֵן, פ״י. פֿאַנטאַזירן; אויספֿאַנטאַזירן.

דִּמְיָעָה, נ. טרערונג.

דָּמִית, נ. בלוט־געפּעס אין אויג.

דָּמַךְ (דָּמַךְ, יִדְמֹךְ), פ״ע. שלאָפֿן; שטאַר־בן.

— הִדְמֵךְ, אײַנשלאָפֿן; ווערן אײַנגע־שלאָפֿן.

דָּמַם (דָּמַם, יִדֹּם), פ״י. שווײַגן; פֿאַר־שווײַגן; פֿאַרשטומט ווערן; שטיל זײַן; אויפֿהערן.

— דֹּם! אַכטונג!

— דּוֹמֵם, שטיל־לעבן; נישט אָרגאַנישער קערפּער; טויטע מאַטעריע; קעגנ־שטאַנד: שווײַגנדיקער.

— הִדּוֹם, פֿאַרשווייגן ווערן; פֿאַרניכטעט ווערן.

— דּוֹמֵם, באַרואיקן; אײַנשטילן.

— הֻדַּם, פֿאַרניכטן; אומברענגען.

— הִדְמֵם, באַרואיקן; שטיל מאַכן; אײַנ־שטילן.

דֶּמֶם, ז. בלוטיקונג; בלוט־שטורץ; הע־מאָראַגיאַ.

דְּמָמָה, נ. פּליסטערונג; שטילקייט; רו־איקייט; שטילשווײַגעניש.

דֶּמֶן, ז. מיסט (צו באַמיסטיקן אַ פֿעלד).

(דָּמַן) דִּמֵּן, פ״י. מיסטיקן (אַ פֿעלד).

דָּמַע (דָּמַע יִדְמַע), פ״י. פֿאַרגיסן טרע־רן; לאָזן טרערן.

— הִדְמִעַ, אויסגעמישט ווערן צו אַ שפּענדונג (מיט תְּרוּמָה־תְּבוּאָה).

— דִּמֵּעַ, אויסמישן תְּרוּמָה־תְּבוּאָה.

— דָמוּעַ, אויסגעמישט ווערן צו אַ שפּענדונג (תְּבוּאָה).

— הַדְמֵעַ, לאָזן טרערן; אַרויסרופן טרערן.

— הִתְדַמֵעַ, פֿאַרטרערט זײַן.

דֶמַע, ז. זאַפּט פֿון ווײַנטרויבן און אייל־בירטן; טרער; שפּענדונג (תְּרוּמה).

דִמְעָה, נ. טרער.

דָן, ז. וואַסער־קרוג.

דָנָא, דָנָה, ז. דער דאָזיקער; אין אָט דעם חודש; אין דעם דערמאָנטן חודש.

דַנֵג, פ״י. וואַקסעווען; וואַקסירן.

דַנְדַנָה, נ. מענטאָל; מיענטע (רפואה־געוויקס).

דָנָן, מ״ג. אונזער; וואָס מיר רעדן דער־וועגן.

דִנָר, ז. דינאַר (רוימישע מַטבֵּעַ).

דִסְקָה, נ. געריכטס־אויפֿפֿאָדערונג.

דִסְקִית, נ. שײַבע; רונד.

דֵעַ, ז. פֿאַרשטענדעניש; וויסן.

— תְּמִים דֵעִים, איינפֿאַרשטענדיק; מיט קעגנזײַטיק פֿאַרשטענדעניש.

דֵעָה, נ. פֿאַרנונפֿט; פֿאַרשטאַנד; קלוג־שאַפֿט; מיינונג; שטאַנדפּונקט; שטים; אויסגעאַרבעטער געדאַנק; באַשלוס.

— הַפְלֵג דֵעָה מ״. נישט לייגן קיין אַכט; פֿאַרזעען; אָפּזעען.

דְעִיכָה, נ. אויסלעשונג; אויסגייאונג.

דָעַךְ (דָעַךְ, יִדְעַךְ), פ״ע. פֿאַרלאָשן ווע־רן; פֿאַרשווינדן; צעקוועטשן; צע־מאָרשטשען.

— הַדְעֵךְ, פֿאַרלאָשן ווערן; צאַנקען; שפּרינגען (פֿײַער פֿאַרן פֿאַרלאָשן ווערן); פֿאַרשווינדן (וואַסער פֿון קוואַל).

— לְעוֹךְ, אויסגעלאָשן ווערן; פֿאַרלאָשן ווערן; אײַנגעלאָשן ווערן.

דַעַץ, ז. די אַלטע העבראַישע שריפֿט.

דַעַת, נ. וויסן; חָכמה; פֿאַרשטאַנד; קענט־ניש; געדאַנק; ווילן.

— בֶּן דַעַת, בַּר דַעַת, ז. פֿאַרשטענדי־קער מענטש; בַּעל־שֵׂכל.

— חֲסַר־דַעַת, עָנִי בְּדַעַת, ז. נאַר; שוֹטֶה.

— הִטָרֵף דַעַת, יָצוֹא מִדַעַת, אַראָפּגיין פֿון זינען; משוגע ווערן.

— הִטַלְטֵל דַעַת, זײַן שיכור; צעמישט ווערן אין די רעיונות.

— עָלֹה עַל דַעַת, קומען אויפֿן געדאַנק; טראַכטן.

— דַעַת קְצָרָה, אויפֿגערעגקייט; קורצער שֵׂכל.

— דַעַת רְחָבָה, גוטמוטיקייט.

— שִׁקוּל־דַעַת, נאָכדענקונג; איבער־לייגונג.

דַעְתָּן, ז. קלוגער מענטש.

דַעְתָּנוּת, נ. קלוגשאַפֿט.

דַף, ז. (ר' דַפִּים), בלאַט (אין אַ בוך); סֵפֶר; פּאָלע; טאָוול; ברעט.

דִפְדוּף ז. בלעטערונג.

דִפְדֵף, פ״י. בלעטערן.

דַפְדֶפֶת, נ. רײַס־בלאָק; אַלבום.

דַפֵּה, פ״י באַרויבן.

דָפוֹן, ת. צו דער וואַנט צוגעשלאָגענער; נעבנוואַנטיקער.

דִפּוֹן, ז. וואַנט־שטאַרקונג; וואַנט־פּעס־טיקונג.

דְּפוּס, ז. פאָרם; דרוק־מאַשין; דרוקעריי; שאַבלאָן.

— דְּפוּס אֶבֶן ליטאָגראַפיע.

— דְּפוּס עֶרֶשׂ, אינקונאַבעל.

— בֵּית־דְּפוּס, דרוקעריי.

דָּפוּף, ת. בלעטעראַרטיקער.

דִּפּוּף, ז. פּאַגינאַציע; בלעטער־באַצייכנונג.

דְּפוּפָה, נ. פּאַך־שענקל.

דְּפִי, דֹּפִי, ז. פּעלער; שפּאָט; חוזק־געלעכטער.

דְּפִיקָה, נ. קלאַפּ; קלאַפּעריי; שלאָג.

דַּפִּית, נ. בלעטל.

דֹּפֶן, ז. (ר׳ דָּפְנוֹת), וואַנט; זייט.

— יוֹצֵא דֹּפֶן, אויסנעמלעכקייט; נישט נאָרמאַל; נישט כּדֶרֶך הטבע; געבוירנס דורך אויפשניידן דעם בויך ביי דער מוטער (ביי בהמות).

— תָּלָה בְּדֹפֶן, איבערלאָזן אַ זאַך אָן אַ לייזונג.

דָּפַן (דָּפַן, יִדְפֹּן), פ״י. צודריקן; צושטופּן (צו דער וואַנט). פ״ע. קלאַמערן זיך אין דער וואַנט (פון פּחד).

— דַּפֵּן, פּעסטיקן וואַנט (אין גראָבן, ברונעם).

דַּפְנָה, ז. לאָרבער־בוים; דאַפנע־בוים.

דַּפְנִית, נ. ווענטל.

דָּפַס (דָּפַס, יִדְפֹּס), פ״י. דרוקן (אויף אַ דרוק־מאַשין).

— הֻדְפַּס, געדרוקט ווערן.

— הִדְפִּיס, דרוקן.

— הֻדְפַּס, געדרוקט ווערן.

דַּפָּס, ז. דרוקער.

דַּפֵּף, פ״י. פּאַגינירן; נומערירן.

— הֻדְפַּף, פּאַגינירט ווערן; נומערירט ווערן.

דָּפַק (דָּפַק, יִדְפֹּק), פ״י. קלאַפּן; אָנקלאַפּן; איילן; שטופּן; אונטעריאָגן; צודריקן; ענג מאַכן; אָפּבאַרען (וולג.).

— הִתְדַּפֵּק, דערשלאָגן זיך; דערקלאַפּן זיך.

דֹּפֶק, ז. פּולס.

דֶּפֶק, ז. פּולסירונג; קלאַפּונג (פון פּולס).

דְּפֵקָה, נ. קלאַפּעריי; קלאַפּ.

דַּפְרוֹן, ז. נאָטן־העפט; זינג־העפט.

דַּפְתָּר, דִּפְתְּרָה, ז. פּאַרמעט; פּערגאַמענט; העפט; נאָטיץ־בוך; רעגיסטער־בוך.

דִּפְתֵּר, פ״ע. פאַרצייכנען; רעגיסטרירן.

דַּק, ז. שטויב; מינוט; ברעקל; שוואַרצער אָדער ווייסער פּלעק אין אויג; בעלמע; קאַטאַראַקטע.

דַּק שַׁלְשֶׁלֶת, ז. לעפּטאָספּיראַ (מיקראָב וואָס רופט אַרויס לעפּטאָספּיראָזאַ־קראַנקהייט).

דַּק, ת. דינער; זייער קליינער; קורצער; איידעלער; סובטעלער.

— בְּהֵמָה דַקָּה, קליינפי: שאָף, שעפּסן, ציגן.

— דַּקִּים, דַּקִּין, דינע געדערעם; קליינס (פישן).

דֹּק, ז. איידל געוועב; פּיליגראַן; הימל; דינקייט; בעלמע; קאַטאַראַקטע.

דִּקְדּוּק, ז. גענויקייט; פּעדאַנטישקייט; דורכדרינגלעכקייט; קליינע מִצוות

נישט אויסגערעכנטע אין דער תּורה; גראַמאַטיק.

**דִּקְדּוּקִי**, ת. גראַמאַטיקאַלער; גראַמאַטיקאַלישער.

**דִּקְדֵּק**, פ״ע. אַדורכדרינגען אַן עִנין; באַציִען זיך צו אַ זאַך פּעדאַנטיש; זײַן געָנוי; אַנאַליזירן; אויסגלײַכן; פּאָלווערירן.

— **דֻּקְדַּק**, פּעדאַנטיש געמאַכט ווערן; פּינקטלעך געמאַכט ווערן.

— **הִדַּקְדֵּק, הִתְדַּקְדֵּק**, פּאָלווערירן זיך; צעשטויבן זיך.

**דַּקְדְּקָן**, ז. פּעדאַנט; גראַמאַטיקער.

**דַּקְדֶּקֶת**, נ. פּלאַטשיקייט; צעפּלאַטשיקטקייט.

**דַּקָּה**, נ. מינוט; שטיגל פֿאַר דער טיר צום זיצן; באַלקאָנדל.

**דָּקוֹר**, שטעכער; מעטאַל־בויער; דלוטע.

**דַּקּוּת**, נ. פֿײַנקייט; דינקייט; איידלקייט.

**דַּקִּיק**, ת. דינינקער און קליינינקער.

**דְּקִיקָה**, נ. סעקונדע.

**דַּקִּיקוּת**, נ. פֿײַנע דינקייט.

**דְּקִירָה**, נ. שטאָך; שטעכונג; ווייטיקלעכע אָנצוהערעניש (איבערג.).

**דֶּקֶל**, ז. פּאַלמע; גראָב־אײַזן.

— **דֶּקֶל הָרִים**, פּראָכטלאָזע פּאַלמע.

**דִּקְלַי**, ז. פּאַלמען־פֿאַרזעצער.

**דִּקְלֵם**, פ״י. דעקלאַמירן.

**דָּקַק** (**דַּק, יָדֹק**), פ״י. צעשטויסן; צעמאָלן; צערײַבן אויף שטויב; זײַן דין.

— **הֻדְקַק**, דינער ווערן; איידעלער ווערן.

— **הוּדַק**, צעשטויבט ווערן; צעשטויסן ווערן; צעמאָלן ווערן.

— **הֵדֵק**, צעשטויבן; צעשטויסן.

— **הוּדַק**, צעשטויבט ווערן; צעשטויסן ווערן.

**דָּקַר** (**דָּקַר, יִדְקֹר**), פ״י. שטעכן; דורכשטעכן; אַרײַנשטעכן (שווערד, מעסער א״א); פֿאַרווונדן מיט אַ שאַרפֿן דאָרן.

— **הִדָּקֵר**, געשטאָכן ווערן; דורכגעשטאָכן ווערן; צעשטאָכן ווערן.

— **דֻּקּוֹר**, דערשטאָכן ווערן; צעשטאָכן ווערן.

**דֶּקֶר**, ז. לאָפּאַטע; גראָב־אײַזן; בויערער צו מאַכן לעכער; שטאָך.

**דִּקְרוּר**, ז. שטאָך; שטאָך־ווייטיק.

**דַּרְבָּן**, ז. דאָרן־שטענגל; שטעקן מיט שאַרפֿן שפּיץ; ליכט־שטראַל.

**דִּקְרֵר**, פ״י. אַ שטאָך טון.

**דַּר**, ז. פּערלמוטער.

**דֵּרָאוֹן**, ז. שאַנדע; גרויל; עקל.

**דָּרְבוֹן, דָּרְבָן**, ז. (ר׳ דָּרְבוֹנוֹת), נאָגל; שפּאָר (אויפֿן שטיוול פֿון רײַטער); טאַפּער (שפּיר־גליד בײַ אינזעקטן).

**דִּרְבּוּן**, ז. שפּאָרן־שטאָך; אונטעריאָגונג; צואײַלונג; סטימולירונג.

**דַּרְבָּן**, ז. יאָזש (חיה); אײַנגאַנג; עפֿנונג.

**דִּרְבֵּן**, פ״י. קלאַפּן אַ פֿערד מיט די שפּאָרן; אָנרעגן; שטויסן אין אַ געוויסער ריכטונג; סטימולירן.

— **דֻּרְבַּן**, געשטויסן ווערן מיט שפּאָרן; אָנגערעגט ווערן; סטימולירט ווערן.

— **הִתְדַּרְבֵּן**, צואײַלן זיך; פֿעדערן זיך.

**דַּרְבָּנִית**, נ. שפּיזן־פֿלאַנץ.

**דָּרֵג**, פ״י. מאַכן שטיגן; טעראַסירן; קלאַסיפֿיצירן; מאַכן עפּעס שטופֿנווײַז.

**הִלּוּלִים**, ז״ר. פֿײַערונג: שִׂמחה; לויב־געזאַנג.

**הַלָּז**, מ״ג. דער דאָזיקער; די דאָזיקע.

**הַלָּזֶה**, מ״ג. דער דאָזיקער.

**הֲלָזָה**, נ. לָשון הָרע; באַרעדעריי.

**הַלֵּזוּ**, מ״ג. די דאָזיקע.

**הַלְחָמָה**, נ. צונג־אַרויסשטעקונג.

**הַלְחָמָה**, נ. שווייסונג; לייטונג.

**הֲלִיךְ**, ז. טראָט; שריט; גאַנג; מִנהג; שטייגער.

**הֲלִיכָה**, נ. גאַנג; פֿאָראויסגאַנג; שטייגער; מִנהג; קאַראַוואַן.

**הֲלִימוּת**, נ. פּאַסונג; צופּאַסונג.

**הָלַךְ** (הָלַךְ, יֵלֵךְ, יַהֲלֹךְ), פּ״ע. גיין; אַוועקגיין; איבערגיין.

— **הָלֹךְ וְ־**, געהילפֿס־צײַטוואָרט צו באַצייכנען כּסדרדיקייט, למשל: הולך וְגודל, ווערט כּסדר גרעסער.

— **הָלַךְ וָשׁוּב**, אַהין און צוריק.

— **הָלַךְ לְעוֹלָמוֹ, הָלַךְ בְּדֶרֶךְ כָּל הָאָרֶץ**, שטאַרבן; אַוועקגיין.

— **הָלַךְ לְאִבּוּד**, פֿאַרלוירנגיין.

— **הָלַךְ רָכִיל**, באַרעדן.

— **הָלַךְ שׁוֹלָל**, לאָזן זיך פֿאַרפֿירן.

— **לֵךְ**, גיי!

— **הֶהֱלִיךְ**, פֿאַרבײַגיין; פֿאָריבערגיין; פֿאַרשווינדן.

— **הִלֵּךְ**, אַרומדרייען זיך; קורסירן; שפּרײַזן; בלאָנקען.

— **הוֹלִיךְ**, פֿירן; אָנפֿירן; מאַכן גיין.

— **הִתְהַלֵּךְ**, דורכגיין זיך; איבערגיין זיך; שפּאַצירן.

**הֵלֶךְ**, ז. וואָגלער; פֿאַרבײַגייער; פּליטונג.

**הֲלָךְ־**, גאַנג; שטייגער; וועג.

— **הֲלַךְ־נֶפֶשׁ**, פֿאַנטאַזיע; פֿאָרשטעלונג; שטימונג.

— **הֲלַךְ רוּחַ**, שטימונג; געפֿיל.

**הֶלֶךְ**, ז. וועג־שטייער.

**הֵלֶךְ**, ז. ספּאָרטלעכער גייער.

**הֲלָכָה, הִלְכְתָא**, נ. דין; געזעץ; געזעץ־טייל אין תּלמוד; טעאָריע.

— **כַּהֲלָכָה**, ווי עס געהער צו זײַן; ווי ס׳דאַרף צו זײַן.

— **לַהֲלָכָה**, טעאָרעטיש.

— **הֲלָכָה לְמַעֲשֶׂה**, דין אויסצופֿירן אין לעבן.

**הִלְכָתִי**, ת. הלכה־דיקער; טעאָרעטישער.

**הִלְכָּךְ**, מ״ח. דעריבער; אויב אַזוי.

**הַלְכָן**, ז. גייער; פֿוס־גייער (פֿאַר ספּאָרט).

**הִלְכְתָא לִמְשִׁיחָא**, נ. דין וואָס וועט אַרײַן אין קראַפֿט נאָכן קומען פֿון מָשיחן; נישט אויספֿירבאַרע זאַך.

**הלל** (הָלַל, יָהֵל), פּ״ע. אַרומברויען; אַרומוואָיוען; אַרומרודערן; לײַכטן; שײַנען; גלאַנצן.

— **הִלֵּל**, לויבן; רימען; זינגען לויב.

— **הֻלַּל**, געלויבט ווערן; געריסמט ווערן.

— **הוֹלֵל**, פּ״י. אַראָפּפֿירן פֿון וועג; דערפֿירן צו משוגעת. פּ״ע. משוגע ווערן; דערפֿירט ווערן ביז משוגעת.

— **הֵהֵל**, לײַכטן; שײַנען.

— **הִתְהַלֵּל**, בלאָזן פֿון זיך; לויבן זיך; געלויבט ווערן; געריסמט ווערן.

— הִתְהוֹלֵל, משוגע ווערן; אַרומרודערן; אַרומוואַויוועון: אַרומלאָבעזעווען; אַ־וואַנטורעווען זיך.

הַלֵּל, ז. לויב; רום; לויב־געזאַנג.

— הַלֵּל הַגָּדוֹל, באַצ. פֿאַר די קאַפּיטלעך תּהלים קל״ה—קל״ו.

הַלֵּל הַמִּצְרִי, באַצ. פֿאַר די קאַפּיטלעך תּהלים קי״ג—קי״ח.

הֲלָלָה, נ. לויב; שבח; רום.

הַלָּלוּ, מ״ג. די; די דאָזיקע.

הַלְלוּיָהּ, נ. לויב־רוף צו גאָט.

הָלַם (הָלַם, יַהֲלֹם), פ״י. קלאַפּן; שלאָגן; פּלעמען; כמאַליען; דערשטוינט מאַכן; געהעריק זיין; פּאַסן (אַ קלייד, צי־רונג א״א); זיין אָנגענעם; זיין ווערט; דערקלערן.

הֲלֹם, תה״פ. ביז אַהער; דאָ.

הֶלֶם, ז. שאָק; שלאַק; קלאַפּ.

הֶלֶם, ז. קלאַפּ; זעץ; שלאָג; שלאַק; שאָק.

הַלְמַאי, פֿאַרוואָס.

הַלְמוּת, נ. האַמער; פּלעמונג; זעץ; קלאַפּ.

הַלְמָן, ז. האַלץ־האַמער.

(הַלָּן) לְהַלָּן, תה״פ. ווייטער.

הֲלָנָה, נ. גאַסטונג; גאַסטונג אויף איבער־נעכטיקן; אָפּלייגונג; אָפּציאונג (אויף מאָרגן, שפּעטער א״א).

הַלָּנָה, נ. פֿאַרקלאָגונג.

הַלְעָבָה, נ. באַליידיקונג.

הַלְעָזָה, נ. באַרעדונג; באַנבלונג. איבער־זעצונג (אויף אַ פֿרעמדער שפּראַך).

הַלְעָטָה, נ. שטאָפּונג; קראָפּונג; קאָר־מענונג.

הֲלָצָה, נ. שפּאַס; אַנעקדאָט; קאַטאָוועסל; שיינרעדעריי.

הֲלָצִי, ת. שפּאַסיקער.

הַלְפָּתוּת, נ. אָפּשפּרינגונג.

הַלְקָאָה, שמייסונג; שלאָגונג.

— הַלְקָאָה עַצְמִית, זעלבסטבאַשולדי־קונג; זעלבסטפּייניקונג.

הֶלְקֵט, ז. זוימען־בייטל; זוימען־שקעטל (ביי געוויקסן, ווי מאָן־שקעטל).

הִלְקִט, פ״י. וואַרפֿן עסן פֿאַר עופֿות.

הַלְקָשָׁה, נ. פֿאַרשפּעטיקונג; אָפּשלע־פּונג.

הַלְשָׁנָה, נ. דענונציאירונג; מסר׳ונג; פֿאַרמסר׳ונג.

הֵם, מ״ג. זיי (מענלעך).

— הֵם הֵם, די דאָזיקע (מענל.).

— הָהֵם, יענע (מענל.).

הַמְאָסוּת, נ. פֿאַרמיאוסט־ווערונג.

הֵמָּה, מ״ג. זיי (מענל.).

הָמָה (הָמָה, יֶהֱמֶה), פ״ע. בלאָזן (ווינט, טראָמפּייט); ברילן; וואָיען; ברומען; וואָרקען; זיפּצן; קרעכצן; טומלען.

— הָמָה לְ־, הָמָה אַחֲרֵי־, ער האָט באַ־גערט צו...; ער האָט געלעכצט נאָך...

— הֵמָּה, לעכצן; באַגערן.

הֶמְהוּם, ז. ברום.

הַמְהָלוּת, נ. אויפֿלייזונג; ביליקע מישונג.

הִמְהֵם, פ״ע. ברומען; אונטערברומען.

הַמְהָרָה, נ. צוּאיילונג; פֿאַרשנעלערונג.

הָמוֹל, פ״ע. געמל׳ט ווערן.

הֲמוּלָּה, נ. טומל; רעש; געפּילדער.

**הִמּוּם**, ז. פֿאַרטויבונג; איבעראַשונג; צע־טומלונג; צעמישעניש.

**הָמוּם**, ת. פֿאַרטויבטער; צעטומלטער; צעמישטער.

**הָמוֹן**, ז. טומל; געפּילדער; מענטשן־מאַסע; פֿאָלקס־מאַסע; פּלעבס; אַ סך; שֶׁפע; רײַכטום.

**הֲמוֹנוּת**, נ. פֿאָלקישקייט; מאַסן־שטאַנד.

**הֲמוֹנִי**, ת. פֿאָלקסטימלעכער; פּראָסטער; געמיינער.

**הֲמוֹנִיּוּת**, נ. פֿאָלקסטימלעכקייט; פּראָסט־קייט; אָרדינערקייט.

**הִמּוּר**, ז. געוועט.

**הַמְזָגָה**, נ. צוזאַמענמישונג (פֿליסיקייטן).

**הִמָּזְגוּת**, נ. אויסמישונג.

**הַמְחָאָה**, נ. טשעק; געלט־אָנווײַזונג.

**הַמְחָזָה**, נ. דראַמאַטיזאַציע.

**הַמְחָשָׁה**, נ. פֿאַרשטיין־געבונג דורך מוס־טערן.

**הָמֵט**, פ״י אַראָפּלאָזן; אַראָפּברענגען. זע מוט.

**הַמְטָרָה**, נ. רעגן־אַראָפּלאָזונג; באַוואַ־סערונג מיט אַ שפּריצער.

**הֶמְיָה**, נ. טומל; ליאַרם; גערויש; תּאווה; גלוסט; באַגער; ווילן.

**הָמִים**, ת. דערשטוינטער; איבעראַשטער.

**הֶמְיָן**, ז. פּאַס; גאַרטל.

**הָמֵךְ**, פ״י. אַראָפּנידעריקן; דערנידערי־קן. זע מוך.

**הָמֵל**, פ״י. אָפּשנײַדן; אויסשנײַדן; פֿאַר־לענדן. זע מול.

**הֲמֻלָּה**, נ. טומל; געפּילדער; גערויש.

**הַמְלָאוֹת**, נ. אָנפֿילונג; פֿאַרפֿילונג.

**הַמְלָחָה**, נ. זאַלצונג; באַזאַלצונג.

**הִמָּלְחוּת**, נ. פֿאַרזאַלצונג; איבערזאַל־צונג.

**הַמְלָטָה**, נ. לייגונג (אייער); געבוירונג (בײַ בעלי־חיים); אַנטרינונג פֿון בייז.

**הִמָּלְטוּת**, נ. אַנטלויפֿונג; נישט־ווערונג.

**הַמְלָכָה**, נ. מלך־קרוינונג; מלך־אַרויפֿ־זעצונג.

**הַמְלָכָה, הִמָּלְכוּת**, נ. עֵצה־פֿרעגונג; עֵצה־האַלטונג.

**הַמְלֵץ**, פ״י. רעקאָמענדירן; עמפּפֿעלן.

**הַמְלָצָה**, נ. רעקאָמענדאַציע; עמפּפֿעלונגס־בריוו.

**הַמַּלְתָּא**, נ. געבראָטענע פּרי.

**הָמֹם** (הָמֵם, יָהֹם), פ״י. איבעראַשן; צע־טומלען; געפּלעפּט מאַכן; פֿאַרטויבן; אַרויסרופֿן צעמישונג.

— **הֵהוֹם**, פֿאַרטומלט ווערן.

— **הִמּוֹם**, איבעראַשט ווערן; געפּלעפּט ווערן; פֿאַרטויבט ווערן.

**הֲמָמָה**, נ. שטוינונג; פּלעפּונג; צעטומ־לונג.

**הִמְנוֹן**, ז. לויב־און שבח־ליד; אָפֿיציעל מדינה־ליד; הימן.

**הִמָּנוּת**, נ. צוגעהערונג; געהערונג.

**הֶמְנֵעַ**, ז. פֿאַרמײַדונג; אָפּהאַלט.

**הִמָּנְעוּת**, נ. אומעגלעכקייט; זעלבסט־אָפּהאַלט; אַבסטינענץ.

**הֶמֶס**, ז. צעלאָזונג; שפּענער; שפּענד־לעך.

**הָמֵס**, פ״י. צעלאָזן; ווייך מאַכן. זע מָסס.

**הֲמַסָּה, הֲמָסָה,** נ. אויפלייזונג; צעלאָזונג.

**הַמַּסּוֹת,** נ. אויפגעלייזט־ווערונג; צעלאָזט־ווערונג; אויפלייזונג.

**הֶמְסֵם,** ז. מאָגן־קאַמער (פון מַעֲלֵה־גֵרָה־חַיּוֹת).

**הַמְעָדָה,** נ. שטרויכלונג; אויסגליטשונג.

**הַמְעָטָה,** נ. פאַרמינערונג; פאַרקלענערונג.

**הַמְעָכוּת,** נ. צעקוועטשונג.

**הַמְעָסָה,** נ. פאַרקנעטונג; אויסקנעטונג.

**הַמְצָאָה,** נ. דערפינדונג; איינפאַל; איידיי; צושטעלונג.

**הִמָּצְאוּת,** נ. אָפּגעפינונג; זיך געפינונג.

**הֵמַק,** פ"ע. חוזקן; פאַרדאַרבן. זע מוק און מקק.

**הָמֵר,** פ"י. ענדערן; בייטן; אויסטוישן.

**הַמֵּר,** פ"ע. געוועטן זיך. זע מור.

**הַמְרֵא,** פעו"י. אויפהייבן זיך; אויפשוועבן; אויפפליען; מאַכן שוועבן. זע מרא.

**הַמְרָאָה,** נ. אויפפלי; אויפשטייג; ווידערשפעניקייט; געוועט; פיטערונג; שפייזונג.

**הֲמָרָה,** נ. אויסטויש; פאַרבייט; מיינונגס־אויסטויש.

— **הֲמָרַת דָּת,** גלויבן־ענדערונג.

**הַמְרָיָה,** נ. ווידערשפעניקייט; איינגעשפאַרטקייט.

**הַמְרָכָה,** נ. ווייך־מאַכונג; פאַרווייכערונג.

**הַמְרָצָה,** נ. צוא־יילונג.

**הָמֵשׁ,** פ"י. אָוועקרוקן; דערוויטערן; באַרירן. זע מוש און משש.

**הַמְשָׁחוּת,** נ. זאַלבונג; אָנשמירונג מיט אייל.

**הֶמְשֵׁךְ,** ז. פאָרזעצונג; פאַרלענגערונג.

**הַמְשָׁכָה,** נ. דויערונג; פאַרלענגערונג; איבערפירונג; ציאונג.

**הִמָּשְׁכוּת,** נ. דויערונג; דויערדיקייט.

**הֶמְשֵׁכִיּוּת,** נ. הֶמשכדיקייט; פאָרזעצלעכקייט.

**הֶמְשֵׁל,** ז. מאַכט; רעזשים; רעגירונג.

**הֶמְשֵׁל,** ז. אַנאַלאָגיע; פאַרגלייך.

— **עַל צַד הַהֶמְשֵׁל,** דורך אַנאַלאָגיע.

**הַמְשָׁלָה,** נ. מאַכט־איינשטעלונג; מאַכט־געבונג (צו עמעצן); אַנאַלאָגיע; פאַרגלייך.

**הָמֵת,** פ"י. טויטן; הרגענען; פאַרניכטן. זע מות.

**הֲמָתָה,** נ. טויטונג; עקזעקוציע.

**הַמְתָּחוּת,** נ. אָנציאונג; אָנשפאַנונג.

**הַמְתָּנָה,** נ. דערוואַרטונג; אָפּוואַרטונג; וואַרטונג; מעסיקייט.

— **חֲדַר הַמְתָּנָה,** וואַרט־צימער.

**הַמְתָּקָה,** נ. פאַרזיסונג; פאַרלייכטערונג; פאַרמילדערונג.

— **הַמְתָּקַת דִּין, הַמְתָּקַת עֹנֶשׁ,** שטראָף־פאַרלייכטערונג.

— **הַמְתָּקַת סוֹד,** געהיים־באַראַטונג.

**הִמָּתְקוּת,** נ. פאַרזיסונג.

**הֵן,** מ"ג. זיי (ווייבלעך).

— **הָהֵן,** יענע (ווייבלעך).

— **הֵן הֵן,** זיי (און נישט קיין אַנדערע).

הֵן, מ״ק. יאָ; ריכטיק; אַזוי איז עס.
— הֵן וָהֵן, אָן שום צווייפל.
— הֵן שֶׁלּוֹ הֵן, זיין וואָרט איז אַ וואָרט.
— בְּהֵן צִדְקִי, אויף מיין ערנוואָרט.
— בְּהֵן שֶׁלִּי, אויף מיין וואָרט.
הֵן, מ״ח. אָט; אָט איז; מ״ש. צי; אויב.
— הֵן... הֵן..., אַזוי צי אַזוי.
הֲנָאָה, נ. פאַרגעניגן; געניס; נוץ; פאַר־דינסט; איינגעהאַלטנקייט; אָפּהאַלט.
— בַּעַל הֲנָאָה, ז. תּענוגים־ליבהאָבער; געניסער.
— טוֹבַת הֲנָאָה, דאַנקבאַרקייט; אָנגע־נעמלעכקייט.
הָנֵב, פ״י. אַרויסגעבן פּרוכט; אויסדרי־קן; מאַכן באַרעדעווד ק זע נוב.
הַנְבָּאוֹת, נ. פאָראויסזאָגונג; נבואה־זאָ־גונג.
הֲנָבָה, נ. פּרוכט־אַרויסגעבונג.
הַנְבָּטָה, נ. זריעה־אויסלענגלונג (פאַרן פאַרזיי).
הַנְגָּנָה, נ. אַקצענטירונג; אינטאָנירונג; אָנשטעלונג (זאָל אָנהייבן שפּילן).
הִנָּגְעוּת, נ. אָנשטעקונג.
הִנָּגְרוּת, נ. פאַרגיסונג.
הָנֵד, פ״י. טרייסלען; באַוועגן; שלעפּן; באַזייטיקן; דערווייטערן; אָפּיאָגן. זע נוד און נָדֹד.
הַנְהָרָה, נ. פלאָרעסצענס.
הַנְדָּסָה, נ. געאָמעטריע; אינזשינעריע.
— חֵיל הַנְדָּסָה, סאַפּערן־אָפּטיילונג (אין מיליטער).
הַנְדָּסִי, ת. געאָמעטרישער; אינזשינערי־שער.
— גּוּף הַנְדָּסִי, געאָמעטרישע פיגור.
— צוּרָה הַנְדָּסִית, געאָמעטרישע פאָרם.
הֵנָּה, מ״ג. זיי (ווייבלעך).
— כָּהֵנָּה וְכָהֵנָּה, טאָפּלט מער; פיל־פאַך; אַ סך מער פון דעם.
הֵנָּה, תה״פ. אַהער; דאָ־אַהער.
— הֵנָּה וָהֵנָּה, אַהין און אַהער.
— עַד הֵנָּה, ביז דאַנען; ביז אַהער; ביז איצט.
הִנֵּה, מ״ח. אָט; אָט איז.
— הִנְנִי, אָט בין איך.
הִנֵּה נָא, אָט זע.
(הָנֹה) הֶהָנֶה (נֶהֱנֶה), פ״ע. געניסן; האָבן פאַרגעניגן.
— הַנֵּה, אָנטון פאַרגעניגן; פאַרשאַפן פאַרגעניגן.
— הַהֲנֵה, אָנטון פאַרגעניגן; פאַרשאַפן פאַרגעניגן.
— הִתְהַנֵּה, געניסן; האָבן פאַרגעניגן.
הַנְהָגָה, נ. לייטונג; פירונג; אויפפירונג; שטייגער.
הַנְהָלָה, נ. פאַרוואַלטונג; אָנפירונג; אַדמיניסטראַציע; לייטונג; עקזעקוטיווו.
הִנּוֹחַ, ז. אוועקלייג.
הִנּוּי, ז. גענוג־טואונג; פאַרגעניגן־אָנ־טואונג.
הִנּוּמָה, נ. כלה־וועלאָן; וועלאָן; שלייער.
הַנְּזִרוּת, נ. זעלבסטבאַהערשונג (פון פאַרגעניגנס).

**הָנֵחַ**, פ״י. בַּארויִקן; פַארלַייכטערן; דערלַייכטערן; אַוועקלייגן; איבערלאָזן; מיינען. זע נוּחַ.

**הֲנָחָה**, נ. רעדוקציע; ראַבאַט; אָפּלאָז פון פרַייז; רו.

**הַנָּחָה**, נ. אַוועקלייג; איבערלאָזונג; טעזע; מיינונג; טערמינען־שאַפונג.

**הַנְחָיָה**, נ. אָנווַייזונג; אינסטרואירונג.

**הַנְחָלָה**, נ. איבערגעבונג; איבערלאָזונג; צואייגענונג.

**הִנָּחֲמוּת**, נ. באַדויערונג.

**הַנְחָתָה**, נ. אַראָ־לאָז; אַראָפּלאָזונג.

**הִנָּטוּת**, נ. ווענדונג.

**הִנָּטְשׁוּת**, נ. פאַרלאָזונג; איבערלאָזונג; פאַרוואָרלאָזונג.

**הֲנִי**, מ״ג. די דאָזיקע; יעניקע.

**הִנְּךָ, הִנָּךְ**, מ״ג. אָט ביסטו. זע הִנֵּה.

**הִנְּכֶם, הִנְּכֶן**, מ״ג. אָט זענט איר. זע הִנֵּה.

**הִנָּם, הִנָּן**, מ״ג. אָט זענען זיי. זע הִנֵּה.

**הַנְמָכָה**, נ. אַראָפּנידערונג; אַראָפּבייגונג.

**הַנְמָקָה**, נ. מאָטיווירונג.

**הִנְנִי, הִנְנוּ**, מ״ג. אָט בין איך; אָט זענען מיר.

**הָנֵס**, פ״י. פאַרטרַייבן; אָפּראַטעווען (עמעצן) דורך אַנטלויפן. זע נוּס.

**הַנְסָקָה**, נ. טאָן־העכערונג אויף דיעז (מוזיק).

**הָנֵעַ**, פ״י אַרַיינפירן אין באַוועגונג; לאָזן אין גאַנג; טרייסלען; אויפטרייסלען; דערמוטיקן; פאַראורזאַכן. זע נוּעַ.

**הֶנֵּעַ**, ז. אין באַוועגונג־לאָזונג.

**הֲנָעָה**, נ. לאָזונג אין גאַנג; באַוועגלעכונג.

**הִנָּעֲלָה**, נ. שיך־אָנטואונג; באַשיכונג.

**הַנְעָמָה**, נ. אָנגענעם־מאַכונג.

**הִנָּעֲצוּת**, נ. שטעקונג.

**הָנֵף**, פ״י. טרייסלען; אויפטרייסלען; אויפהייבן. זע נוּף.

**הָנֵף, הֶנֶף** ז. שווונג; ווורף; אויפהייב.

**הֲנָפָה**, נ. שווונג; אויפהייב; ווורף; דורכזופונג.

**הֶנְפֵּק**, ז. געריכט־ווערי̈פיקאַציע.

**הַנְפָּקָה**, נ. עמיסיע; באַנקנאָטן־ אָדער אָבליגאַציעס־אַרויסלאָז.

**הִנָּפְשׁוּת**, נ. אויסרו; דאַטשע־אויסרו.

**הָנֵץ**, פ״י. מאַכן אויפבליִען; מאַכן קנאָספּן־אויפגיין; לַייכטן; אויפלַייכטן. זע נָצֹץ.

**הָנֵץ, הֶנֵּץ**, ז. בליאַסק; שימער; גלאַנץ; אויפגאַנג.

**הֲנָצָה**, נ. אויפשפּראָצונג; קנאָספּונג.

**הַנְצָחָה**, נ. פאַראייביקונג.

**הִנָּצְלוּת**, נ. אַנטרינונג פון געפאַר.

**הָנֵק, הֵינֵק**, פ״י. אָנזייגן. זע נוּק און יָנֹק.

**הֲנָקָה**, נ. אָנזויגונג.

**הִנָּקוּת**, נ. אָפּריין̈יקונג.

**הִנָּקְמוּת**, נ. אָננעמונג; אָננעם.

**הִנָּקְמוּת**, נ. נקמה־נעמונג.

**הִנָּשְׂאוּת**, נ. דערהייבונג; דערהויבנקייט.

**הִנָּשְׁלוּת**, נ. אַראָפּוואַרפונג; אַראָפּגעוואָרפן־ווערונג.

**הַנְשָׁמָה**, נ. אָפּזיפּצונג; אָפּעטעמונג.

**הִנָּתְקוּת**, נ. אָפּריס; איבעררַייסונג.

**הַנָּטְשׁוּת**, נ. אויסוואָרצלונג; אויסרײַ־סונג.

**הַס**, מ״ק. שטיל זאָל זײַן!

— **הָשְׁלַךְ הַס**, ס׳איז אַנטשטאַנען אַ שטילקייט.

**הֵסֵב**, פ״י. איבערדרייען; איבערגעבן; איבערפֿירן; אַרומנעמען; זשירירן; איבעראַנדערשן; זיצן ביים טיש; זיצן אָנגעלענט; פֿאַראורזאַכן. זע סָבַב.

**הֶסֵּב**, ז. בײַם טיש־זיצונג; זיצונג אָנ־געלענט.

**הֲסִבָּה**, נ. באַקוועם־זיצונג בײַם טיש (צו פּראַווען סעודה); צעדירונג; אי־בערווײַזונג (אייגנטום א״א).

— **הֲסִבַּת בַּעַל**, איבערפֿירונג פֿון ווײַבס אייגנטום צום מאַן (אין רעזולטאַט פֿון חתונה).

**הֶסְבֵּר**, ז. קאָמענטאַר; אויסטײַטש; אויפֿ־קלערונג.

**הַסְבָּרָה**, נ. קאָמענטאַר; אויסטײַטשונג; קאָמענטירונג; אויפֿקלערונג; קלאָר־מאַכונג.

— **הַסְבָּרַת פָּנִים**, העפֿלעכקייט; פֿרײַנט־לעכקייט.

**הַסְבָּרָתִי**, ת. אויפֿקלערערישער; אויפֿ־קלערנדיקער.

**הַסֵּג**, פ״י. אָפּרוקן; דערווײַטערן. זע נָסַג.

**הַסָּגָה**, נ. איבערטראָגונג; איבערפֿירונג.

— **הַסָּגַת גְּבוּל**, גרענעץ־איבערשרײַ־טונג; גרענעץ־איבערגאַנג.

**הֶסְגֵּר**, ז. קוואַראַנטאַנע; קאַראַנטין; בלאָ־קאַדע; אינטערנירונג.

— **מַחֲנֵה הֶסְגֵּר**, אינטערנירונגס־לאַגער.

**הַסְגָּרָה**, נ. אינטערנירונג; אויסליפֿערונג.

**הִסָּגְרוּת**, נ. אָפּשליסונג; פֿאַרשליסונג.

**הֶסְדֵּר**, ז. אײַנריכטונג; אָרדנונג; רעגו־לירונג.

**הַסְדָּרָה**, נ. אײַנאָרדנונג; רעגולאַציע.

**הַסֵּה**, פ״ע. שווײַגן.

— **הַסּוּ**, שווײַגט!

— **הַהֲסֵה**, אײַנשטילן; באַרואיקן.

**הַסְוָאָה**, נ. מאַסקירונג; קאָמופֿלאַזשי־רונג.

**הִסּוֹג**, פ״ע. צוריקציִען זיך. זע סוּג.

**הִסּוּס**, ז. וואַקלונג; איבערלייגטקייט.

**הָסֵחַ**, פ״ע. רעדן; דערציילן. זע סוּחַ.

**הַסֵּחַ**, פ״י. דערווײַטערן; פֿאַרטרײַבן; אויסוואָרצלען. זע נָסַח.

**הֶסֵּחַ**, ז. **הַסָּחָה**, נ. דערווײַטערונג.

— **הֶסֵּחַ־הַדַּעַת**, אָפּווענדונג פֿון אויפֿ־מערקזאַמקייט; אָפּלענקונג פֿון אויפֿ־מערקזאַמקייט; פֿאַרגעסונג.

— **בְּהֶסֵּחַ הַדַּעַת**, אומבאַוווסטזיניק; אומ־געריכט.

— **פְּעֻלַּת הַסָּחָה**, דיווערסיע־אַקט.

**הִסָּחֲבוּת**, נ. אָפּשלעפּונג; נאָכשלעפּונג; נאָכשלעפּעניש.

**הִסָּחֲטוּת**, נ. אויסקוועטשונג; אויסדרענ־גונג.

**הִסָּחֲפוּת**, נ. פֿאַרשלעפּט־ווערונג; מיט־געשלעפּט־ווערונג.

**הֶסֵּט**, ז. **הֲסָטָה**, נ. אָפּרוק; דערווײַטע־רונג.

**הֵסֵךְ**, פ״י. אָנשמירן; זאַלבן. זע סוּךְ.

**הֵסֵךְ**, פ״י. גיסן; וועבן; שפּונען. זע נָסַךְ.

**הֲסָכָה**, נ. זאַלבונג; שמירונג; אָפּגיסונג (מעטאַל אין אַ פֿאָרם).

— **הֲסָכַת רַגְלַיִם**, נאַטירלעכער געברויך.

**הֶסְכֵּם**, ז. אָפּמאַך; צושטימונג; באַוויליקונג.

**הַסְכָּמָה**, נ. צושטימונג; אָפּמאַך; רעקאָמענדאַציע (אויף אַ סֵפֶר).

**הֶסְכֵּמִי**, ת. קאָנווענציאָנעלער; אָנגענומענער.

**הַסְכָּנָה**, נ. צוגעוווינטקייט.

**הִסְלְחוּת**, נ. פֿאַרגעבונג; מוחל־זײַאונג.

**הַסְמָכָה**, נ. דערנענטערונג; צונענונג; געדיכט־מאַכונג; פֿאַרגעדיכטיקונג; דיפּלאָמירונג.

**הַסְמָקָה**, נ. רויט־ווערונג; פֿאַררויטלונג.

**הֶסְנֵן**, ז. דורכגעזײַערטער, דורכגעזופּטער שטאָף; דורכגעזײַערטע, דורכגעזופּטע מאַסע.

**הַסְנָנָה**, נ. דורכזופּונג; דורכזײַערונג.

**הַסֵּס**, פּ״ע. וואַקלען זיך; צייגערן זיך; זײַן נישט דעצידירט.

**הַסְּסָן**, ז. זיך וואַקלענדיקער; נישט־דעצידירטער.

**הַסְסָנוּת**, נ. נישט־דעצידירטקייט.

**הַסְסָנִי**, ת. נישט־דעצידירטער; צווייפֿלענדיקער; זיך וואַקלענדיקער.

**הַסֵּעַ**, פּ״ע. טראַנספּאָרטירן; פֿירן; אַרומפֿירן; אָפּרוקן. זע נָסַע.

**הַסָּעָה**, נ. טראַנספּאָרטירונג; איבערפֿירונג (פּאַסאַזשירן); צוג (אין שאַךשפּיל).

**הַסְעָרָה**, נ. אויפֿברויזונג.

**הִסְפְּגוּת**, נ. אײַנזאַפּונג.

**הַסְפָּגָה**, נ. אָפּווישונג; אָפּטריקענונג.

**הֶסְפֵּד**, ז. טרויער־רעדע; באַוויינונג.

**הַסְפָּדָה**, נ. באַוויינונג; שבחים־נאָכזאָג (נאָך אַ טויטן).

**הִסְפְּחוּת**, נ. אײַנגשליסונג; אָנשליסונג; אָנשלוס.

**הֶסְפֵּק**, ז. אַרבעט־קראַפֿט; אַרבעט־מעגלעכקייט.

**הַסְפָּקָה**, נ. פֿאַרזאָרגונג; צושטעלונג; ליפֿערונג.

**הֵסֵק**, פּ״י. הייצן; אָנהייצן; מאַכן אויספֿיר. זע נָסַק.

**הֶסֵּק**, ז. הייצונג; אָנהייצונג; באַהייצונג; אויספֿיר; דערגרייכונג; רעזולטאַט.

**הַסָּקָה**, נ. הייצונג; אָנהייצונג; באַהייצונג; אויספֿיר.

— **הַסָּקָה מֶרְכָּזִית**, צענטראַלע באַהייצונג.

**הֵסֵר**, פּ״י. דערווײַטערן; אַראָפּנעמען. זע סוּר.

**הֲסָרָה**, נ. דערווײַטערונג; אַראָפּנעמונג.

**הַסְרָחָה**, נ. שטינקונג; געשטאַנק; פֿאַרשטינקונג.

**הַסְרָטָה**, נ. פֿילמירונג.

**הֵסֵת, הַסֵּת**, פּ״י. צורעדן; אונטערהעצן. זע סוּת.

**הֶסֵּת**, ז. צורעדונג.

**הִסְתָּאֵב**, פּ״ע. אויסשמירן זיך; פֿאַרקויטיקן זיך. זע סָאֵב.

**הִסְתָּאֲבוּת**, נ. אויסשמירונג; פֿאַרשמוציקונג.

**הִסְתַּבֵּךְ**, פּ״ע. פֿאַרפּלאָנטערן זיך; קאָמ־

פליצירט ווערן; פֿאַרוויקלען זיך. זע סָבַךְ.

**הִסְתַּבְּכוּת**, נ. פֿאַרפּלאָנטערונג; פֿאַרוויקלונג; קאָמפּליקאַציע.

**הִסְתַּבְּלוּת**, נ. איבערלאָדונג.

**הִסְתַּבֵּן**, פ״ע. איינזייפֿן זיך. זע סַבֵּן.

**הִסְתַּבְּנוּת**, נ. איינזייפֿונג.

**הִסְתַּבֵּר**, פ״ע. אַרויסווייַזן זיך. זע סָבַר.

**הִסְתַּבְּרוּת**, נ. קלאָר־ווערונג.

**הִסְתַּגֵּל**, פ״ע. צופּאַסן זיך; צוגעוווינען זיך. זע סַגֵּל.

**הִסְתַּגְּלוּת**, נ. צופּאַסונגס־פֿעאיקייט.

**הִסְתַּגֵּף**, פ״ע. אָפּהאַלטן זיך (פֿון פֿאַרגעניגנס); פּייניקן זיך. זע סָגַף.

**הִסְתַּגְּפוּת**, נ. זעלבסט־פּייניקונג.

**הִסְתַּגֵּר**, פ״ע. אָפּזונדערן זיך; פֿאַרשליסן זיך. זע סָגַר.

**הִסְתַּגְּרוּת**, נ. אָפּגעזונדערטקייט; אָפּגעשלאָסנקייט.

**הִסְתַּדֵּר**, פ״ע. איינאָרדנען זיך; אָרגאַניזירן זיך. זע סַדֵּר.

**הִסְתַּדְּרוּת**, נ. אָרגאַניזאַציע; פֿאַרבאַנד; איינגעאָרדנטקייט.

**הִסְתַּדְּרוּתִי**, ת. אָרגאַניזאַציאָנעלער; פֿאַרבאַנדישער.

**הֲסָתָה, הַסָּתָה**, נ. העצע; העצעריי; העצונג; אונטערהעצונג.

**הִסְתּוֹבֵב**, פ״ע. אַרומדרייען זיך. זע סָבַב.

**הִסְתּוֹבְבוּת**, נ. דרייעניש; אַרומדרייעניש; אַרומדרייאונג.

**הִסְתּוֹדֵד**, פ״ע. דורכפֿליסטערן זיך; סודען זיך. זע סוֹד.

**הִסְתּוֹדְדוּת**, נ. סודעניש; פֿליסטערונג.

**הִסְתַּוָּה**, פ״ע. מאַסקירן זיך; פֿאַרמאַסקירן זיך. זע סָוָה.

**הִסְתַּוּוּת**, נ. פֿאַרמאַסקירונג.

**הִסְתּוֹלֵל**, פ״ע. טרעטן; טראַטעווען; איזדעקעווען זיך; פּייניקן. זע סָלַל.

**הִסְתּוֹלְלוּת**, נ. פּייניקונג; קלעמעניש; קוועטשונג.

**הִסְתּוֹפֵף**, פ״ע. זוימען זיך; שטיין אויף דער שוועל; אָפּט באַזוכן. זע סָפַף.

**הִסְתּוֹפְפוּת**, נ. אויף דער שוועל־שטייאונג; אָפּטע ווייַלונג.

**הִסְתַּחֵף**, פ״ע. אָפּגעשווענקט ווערן; פֿאַרטראָגן ווערן; אַראָפּגעטראָגן ווערן. זע סָחַף.

**הִסְתַּחֲפוּת**, נ. אָפּשווענקונג; אַראָפּטראָגונג (מיטן שטראָם).

**הִסְתַּחֲרוּת**, נ. דינגעניש; האַנדלונג.

**הִסְתַּחְרֵר**, פ״ע. דרייען זיך. זע סָחַר און סַחְרֵר.

— ר'אשי הִסְתַּחְרֵר, דער קאָפּ האָט זיך מיר פֿאַרדרייט.

**הִסְתַּחְרְרוּת**, נ. פֿאַרדרייאונג; פֿאַרדרייעניש.

**הִסְתַּיֵּג**, פ״י. אָפּגרענצן זיך; באַוואָרנען זיך (קעגן עפּעס). זע סַיֵּג.

**הִסְתַּיְּגוּת**, נ. אָפּגרענצונג; באַוואָרעניש.

**הִסְתַּיֵּד**, פ״ע. פֿאַרקאַלכט ווערן; סודען זיך. זע סַיֵּד.

**הִסְתַּיְּדוּת**, נ. פֿאַרקאַלכונג.

— הִסְתַּיְּדוּת הָעוֹרְקִים, פֿאַרקאַלכונג פֿון די אָדערן.

**הִסְתַּיֵּם**, פ״ע. ענדיקן זיך. זע סַיֵּם.

**הִסְתַּיְּמוּת**, נ. פֿאַרענדיקונג; אויסלאָזונג.

**הִסְתַּיֵּעַ**, פ״ע. אַרויסהעלפֿן זיך; שטיצן זיך; פֿאַרופֿן זיך. זע סַיֵּעַ.

**הִסְתַּיְּעוּת**, נ. באַהעלפֿונג.

**הִסְתַּכֵּל**, פ״ע. קוקן. זע סָכַל.

**הִסְתַּכְּלוּת**, נ. צוקוקונג; אַריינקוקונג; אָבסערוואַציע.

**הִסְתַּכְּלוּתִי**, ת. אויגנשיינלעכער.

**הִסְתַּכֵּם**, פ״ע. צוזאַמענעמען זיך; סומירט ווערן. זע סָכַם.

**הִסְתַּכְּמוּת**, נ. פֿאַרסומירונג.

**הִסְתַּכֵּן**, פ״ע. ריזיקירן; אויסשטעלן זיך אויף געפֿאַר. זע סָכַן.

**הִסְתַּכְּנוּת**, נ. ריזיקע; געפֿאַר; אויף געפֿאַר זיך אויסשטעלונג.

**הִסְתַּכְסֵךְ**, פ״ע. צעקריגן זיך; פֿאַרפּלאָנטערן זיך; אַריינגיין אין קאָנפֿליקט. זע סִכְסֵךְ.

**הִסְתַּכְסְכוּת**, נ. צעקריגעניש; פֿאַרפּלאָנטעריש; קאָנפֿליקט.

**הִסְתַּלֵּף**, פ״ע. פֿאַרדרייט ווערן. זע סַלֵּף.

**הִסְתַּלְּפוּת**, נ. פֿאַרפֿעלשונג; פֿעלשונג.

**הִסְתַּלֵּק**, פ״ע. דערווייטערן זיך; נישט־ווערן; אַוועקגיין; שטאַרבן. זע סָלַק.

**הִסְתַּלְּקוּת**, פ״ע. דערווייטערונג; נישט־ווערונג; פֿאַרשווינדונג; אַוועקגייאונג, שטאַרבונג.

**הִסְתַּמֵּא**, פ״ע. בלינד ווערן. זע סַמֵּא.

**הִסְתַּמְּאוּת**, נ. בלינד־ווערונג.

**הִסְתַּמֵּךְ**, פ״ע. שטיצן זיך; פֿאַרלאָזן זיך; באַזירן זיך. זע סָמַךְ.

**הִסְתַּמְּכוּת**, נ. באַזירונג; אָנשפּאַרונג.

**הִסְתַּמֵּם**, פ״י. פֿאַרגיפֿטן זיך; אָפּסַמען זיך. זע סַמֵּם.

**הִסְתַּמְּמוּת**, נ. זעלבסט־פֿאַרגיפֿטונג.

**הִסְתַּמֵּן**, פ״ע. אָנצייכנען זיך; אָנגעצייכנט ווערן. זע סָמַן.

**הִסְתַּמְּנוּת**, נ. אָנצייכנונג; אַרויסבולטונג.

**הִסְתַּמְּרוּת**, נ. שטייף־ווערונג.

**הִסְתַּנְוֵר**, פ״ע. פֿאַרבלענד־ווערן. זע סַנְוֵר.

**הִסְתַּנְוְרוּת**, נ. פֿאַרבלענדונג; פֿאַרבלענדעניש.

**הִסְתַּנֵּן**, פ״ע. דורכזייערן זיך; דורכזופּן זיך; אַריינדרינגען; אַדורכדרינגען. זע סַנֵּן.

**הִסְתַּנְּנוּת**, נ. דורכזייאונג; דורכזופּונג; אַריינדרינגונג; דורכדרינגונג.

**הִסְתַּנֵּף**, פ״ע. פֿאַרבינדן זיך. זע סָנַף.

**הִסְתַּנְּפוּת**, נ. פֿאַרבינדונג; פֿיליאַלעזירונג.

**הִסְתָּעֵף**, פ״ע. צעצווייגן זיך. זע סָעַף.

**הִסְתָּעֲפוּת**, נ. צעצווייגונג; פֿונאַנדערצווייגונג.

**הִסְתָּעֵר**, פ״ע. שטורמען; איבערפֿאַלן; אָנגרייפֿן. זע סָעַר.

**הִסְתָּעֲרוּת**, נ. שטורעם; איבערפֿאַל; אָנגריף.

**הִסְתַּפֵּג**, פ״ע. אָפּווישן זיך; אָפּטריקענען זיך. זע סָפַג.

**הִסְתַּפְּגוּת**, נ. אָפּווישונג; אָפּטריקענונג.

**הִסְתַּפֵּחַ**, פ״ע. פֿאַרבינדן זיך; איינגלידערן זיך; צושטיין. זע סָפַח.

הִסְתַּפְּחוּת, נ. אײַנגלידערונג; פֿאַרבינ־דונג; צושטייאונג.

הִסְתַּפֵּק, פ״ע. באַגענוגענען זיך. זע סָפַק.

הִסְתַּפְּקוּת, נ. באַגענוגענונג; באַפֿרידי־קונג.

הִסְתַּפֵּר, פ״ע. אָפּשערן זיך. זע סַפֵּר.

הִסְתַּפְּרֵד, נ. פֿאַרספּרד׳ישט ווערן.

הִסְתַּפְּרוּת, נ. האָר־אָפּשערונג.

הִסְתַּקְּרֵן, פ״ע. נײַגעריק־ווערן.

הִסְתַּקְּרְנוּת, נ. נײַגעריק־ווערונג.

הֶסְתֵּר, ז. באַהעלטעניש; פֿאַרבאָרגונג.

— בְּהֶסְתֵּר, געהיים.

הִסְתַּרְבֵּל, פ״ע. אומגעלומפּערט ווערן.

הִסְתַּרְבְּלוּת, נ. אומגעלומפּערטקייט.

הִסְתָּרֵג, פ״ע. פֿאַרפּלאָנטערן זיך. זע סָרַג.

הִסְתַּרְגוּת, נ. פֿאַרפּלאָנטערונג; פּלאָנ־טער.

הַסְתָּרָה, נ. פֿאַרבאָרגונג; באַהאַלטונג.

הִסָּתְרוּת, נ, פֿאַרבאָרגונג; פֿאַרבאַהאַל־טונג.

הִסְתָּרֵס, פ״ע. קאַסטרירט ווערן; דע־פֿאָרמירן זיך; פֿאַרדרייט ווערן. זע סָרֵס.

הִסְתָּרְסוּת, נ. פֿאַרדרייאונג.

הִסְתָּרֵק, פ״ע. פֿאַרקעמען זיך. זע סָרַק.

הִסְתָּרְקוּת, נ. פֿאַרקעמונג.

הִסְתַּתֵּם, פ״ע. פֿאַרשטאָפּן זיך. זע סָתַם.

הִסְתַּתְּמוּת, נ. פֿאַרשטאָפּונג.

הִסְתַּתֵּר, פ״ע. באַהאַלטן זיך: פֿאַרבאָרגן זיך זע. סָתַר.

הִסְתַּתְּרוּת, נ. פֿאַרבאָרגונג; פֿאַרבאָר־געניש; באַהאַלטונג; באַהעלטעניש.

הָעֵב, פ״י. פֿאַרוואָלקענען. זע עוּב.

הַעֲבָדָה, נ. אַרבעט־געבונג.

הֶעָבָה, נ. פֿאַרוואָלקונג; פֿאַרכמאַרונג; פֿאַראומערונג.

הַעֲבָטָה, נ. אַנטלײַאונג קעגן אַ מַשכּון.

הַעֲבָרָה, נ. איבערפֿירונג; איבערווײַזונג; טראַנספֿער; איבערטראָגונג.

הֵעָגְנוּת, נ. אַנקערונג; עגונה־ווערונג.

הָעֵד, פ״י. עדות־זאָגן; דערקלערן: רופֿן אַלס עדות; וואָרנען. זע עוּד.

הַעֲדָאָה, נ. עדות־זאָגונג; דערקלערונג; וואָרנונג.

הֶעָדָה, נ. וועקסל־פּראָטעסט.

הַעֲדָנָה, נ. פֿאַראיידלונג; פֿאַרפֿײַנערונג.

הַעֲדָפָה, נ. אויבערהאַנט־געבונג; פֿאָר־האַנטיקייט; צוגוב; מאָס־איבערכאַ־פּונג.

הֶעְדֵּר, ז. מאַנגל: פֿעלונג; אָפּוועזנהייט.

הֵעָדְרוּת, נ. אָפּוועזנהייט.

הַעֲוָיָה, נ. מינע; פָּנים־באַוועגונג; מימיק.

הָעֵז, פ״ע. וואַגן. זע עָזַז. פ״י. אײַנ־זאַמלען אין אַ זיכערן פּלאַץ. זע עוּז.

הֵעָזְבוּת, נ. פֿאַרלאָזונג; הֶפֿקר־לאָזונג.

הֶעָזָה, הַעַזָּה, נ. דרײַסטקייט; מוט; פֿאַריסנקייט; אײַנזאַמלונג.

הֵעָזְרוּת, נ. אַרויסהילף; באַהעלפֿונג; שטיצונג.

הֵעָטְפוּת, נ. אָפּגעשוואַכטקייט; פֿאַר־חלשטקייט.

הַעֲטָרָה, נ. באַקרוינונג.

**הֶעְבֵּרוּת**, נ. פאַרקויטיקונג; פאַראומרייניקונג.

**הַעֲלָאָה** נ. העכערונג; דערהייבונג; אויפהייבונג.

— **הַעֲלָאָה בְּדַרְגָּה**, נ. אויפהייבונג אין ראַנג.

— **הַעֲלָאַת אֵשׁ**, אָנצינדונג.

— **הַעֲלָאַת גֵּרָה**, מעלה־גירונג.

— **הַעֲלָאַת חֲלֻדָּה**, פאַרזשאַווערונג.

**הַעֲלָבָה**, פאַרשעמונג; באַליידיקונג.

**הֶעָלוּת**, נ. קנייטלעכונג אין דער הויך; זיך אויפהייבונג.

**הֶעְלֵם**, ז. פאַרגעסונג; פאַרשווינדונג.

— **הֶעְלֵם דָּבָר**, אומבאַוווּסטזיניקער טאַט.

— **בְּהֶעְלֵם אֶחָד**, מיט איין מאָל; אומבאַוווּסטזיניק.

**הַעֲלָמָה**, נ. פאַרבאָרגונג; אויסבאַהאַלטונג.

**הֶעְלְמוּת**, נ. פאַרשווינדונג.

**הָעֵם**, פ״י. פאַרטונקלען. זע עָמַם.

**הַעֲמָדָה**, נ. אַוועקשטעלונג.

— **הַעֲמָדַת פָּנִים**, אָנשטעל־מאַכונג.

**הֶעְמְדוּת**, נ. שטייאונג; פאַרהאַלטונג (זיך).

**הַעֲמָסָה**, נ. אָנלאָדונג.

**הַעֲמָקָה**, נ. פאַרטיפונג.

**הַעֲמָתָה**, נ. אַנטקעגנשטעלונג; פאַרגלייכונג.

**הֵעָנוּת**, נ. באַיאָונג; אויספאָלגונג.

**הַעֲנָקָה**, נ. מתּנה; געשאַנק; פאַרגיטיקונג; גראַטיפיקאַציע.

**הַעֲנָשָׁה**, נ. באַשטראָפונג.

**הַעֲסָקָה**, נ. באַשעפטיקונג־געבונג.

**הָעֵף**, פ״י. מאַכן שוועבן; אויפהייבן אין דער לופטן. זע עוּף.

**הֲעָפָה**, נ. אין דער לופט־לאָזונג.

— **הֲעָפַת עַיִן**, בליק; בליק־כאַפּונג.

**הַעְפָּלָה**, נ. אין דער הויך קלעטערונג; פאָראויס־דורכרייס; געוואַגטקייט; דרייסטער טאַט.

**הַעֲצָמָה**, נ. פאַרשטאַרקונג; אינטענסיפיצירונג.

**הֵעָצְמוּת**, נ. אויגן־פאַרקוועטשונג; אויגן־צומאַכונג.

**הֵעָצְרוּת**, נ. אָפּהאַלט; אָפּהאַלטונג; פאַרהאַלטונג.

**הֵעָקְדוּת**, נ. הענט־און־פיס בינדונג (געבראַכט צו ווערן אַלס קרבן).

**הָעֵק**, פ״י. דריקן; אונטערדריקן; קלעמען. זע עוּק.

**הָעָקָה**, נ. דרוק; קלעם; קלעמעניש.

**הֵעָקְרוּת**, נ. אויסוואָרצלונג; אויסרייסונג; סטעריליזירונג.

**הָעֵר**, פ״י. אויפוועקן; אָנווייזן. זע עוּר.

**הֵעָרְאָה, הַעֲרָיָה**, נ. געשלעכטלעכער אַקט.

**הֶעֱרֵב**, ז. **הֶעֱרֵב שֶׁמֶשׁ**, זון־פאַרגאַנג.

**הַעֲרָבָה**, נ. שפעט אין דער נאַכט־זיצונג.

**הֶעָרָה**, נ. באַמערקונג; אויפמערקזאַם־מאַכונג.

**הַעֲרָכָה**, נ. שאַצונג; אָפּשאַצונג.

**הֶעָרְכוּת**, נ. באַרייט־מאַכונג; צוגרייטונג; מיליטערישע פונאַנדערשטעלונג צום קאַמף.

**הַעֲרָמָה**, נ. איבערכיטרונג; איבערקליגלונג.

**הַעֲרָצָה**, נ. פֿאַרערונג; פֿאַרגעטערונג.

**הֶעָשׂוּת**, נ. אויספֿירונג; רעאַליזירונג; טואונג.

**הֶעְתֵּק**, ז. קאָפּיע; אָפּשריפֿט; עקזעמפּלאַר; איבערזעצונג; איבערקלײַבונג; איבערפֿירונג.

**הַעְתָּקָה**, נ. איבערשרײַבונג; איבערדרוק; איבערזעצונג; איבערקלײַבונג; איבערפֿירונג.

**הֶעָתְקוּת**, נ. אָפּרײַסונג; אַרויסרײַסונג.

**הַעְתָּרָה**, נ. ביטע; בַּקָשה; בעטונג.

**הֶעָתְרוּת**, נ. באַיאָונג; אויספֿאָלגונג.

**הָפֵג**, פ"י. אַראָפּנעמען; דערווײַטערן; דערלײַכטערן; אָפּשוואַכן; פֿאַרטויבן; באַרואיקן. זע פּוּג.

**הֲפָגָה**, נ. דערלײַכטערונג; פֿאַרלײַכטערונג; אָפּשוואַכונג; פֿאַרטויבונג.

**הֲפוּגָה, הֲפוּגָה**, נ. איבעררײַס; צײַטווײַליקער שטילשטאַנד; פֿײַער־איבעררײַס.

**הֶפְגֵּן**, ז. פֿאַרעפֿנטלעכונג; מאַניפֿעסטירונג.

**הַפְגָּזָה**, נ. באָמבאַרדירונג.

**הִפָּגְמוּת**, נ. שטערונג; פֿעלערהאַפֿטיקייט.

**הַפְגָּנָה**, נ. דעמאָנסטראַציע; מאַניפֿעסטאַציע.

**הַפְגָּנָתִי**, ת. דעמאָנסטראַטיווער.

**הַפְגָּעָה**, נ. ביטע; בַּקָשה; בעטונג.

**הִפָּגְעוּת**, נ. געטראָפֿן־ווערונג; פֿילבאַרקייט.

**הַפְגָּשָׁה**, נ. צוזאַמענפֿירונג; ראַנדעוו.

**הִפָּדוּת**, נ. אויסלייזונג.

**הִפּוּךְ**, ז. איבערדרייאונג; איבערקערונג; איבערקאַטשונג; ענדערונג.

**הָפֵחַ**, פ"י. בלאָזן; צעבלאָזן; פֿונאַנדערבלאָזן; אויפֿבלאָזן. זע פּוּחַ.

**הַפֵּחַ**, פ"י. אויפֿבלאָזן; צעבלאָזן. זע נָפַח.

**הַפְחָדָה**, נ. אָפּשרעקונג; אָנשרעקונג.

**הֲפָחָה**, נ. בלאָזונג; פֿונאַנדערבלאָזונג; אויפֿבלאָזונג; לופֿט־אַרויסלאָזונג.

**הַפְחָתָה**, נ. מינערונג; פֿאַרמינערונג; פֿאַרוויניקונג; פֿאַרקלענערונג.

**הֶפְטֵר**, ז. פֿינאַל (אין מוזיק); אויסלייז (פֿון וועקסל, חוֹב א"א).

**הַפְטָרָה, הַפְטוֹרָה**, נ. פֿינאַל; שלוס; געזעגענונג; קאַפּיטל פֿון נביאים, וואָס ווערט געלייענט נאָך דער פּרשה פֿון דער וואָך.

**הִפָּטְרוּת**, נ. פּטור־ווערונג; זיך באַפֿרײַאונג.

**הָפִיךְ**, ת. פֿאַרענדערלעכער.

**הֲפִיכָה**, נ. איבערקערעניש; איבערקערונג; רעוואָלוציע.

**הָפַךְ** (הָפַךְ, יַהֲפֹךְ), פ"י. איבערדרייען; איבערקערן; איבערקאַטשען; אויסדרייען; פֿאַרניכטן; צעשטערן; פֿאַרלענדן; חרוֹב מאַכן; פֿאַרענדערן; פֿאַרוואַנדלען. פ"ע. פֿאַרענדערן זיך.

— **הָפַךְ בַּדָּבָר**, אַרײַנטון זיך אין אַ זאַך.

— **הָפַךְ עוֹלָמוֹת**, קערן וועלטן.

— **הָפַךְ עֹרֶף**, שטעלן פּיס; אַנטלויפֿן.

— **הָפַךְ הַקְּעָרָה עַל פִּיהָ**, איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ.

— **הֶהְפֵּךְ**, איבערגעדרייט ווערן; איבערגעקערט ווערן; אויסגעדרייט ווערן; צעשטערט ווערן; פֿאַרניכטעט ווערן;

פַארוואַנדלט ווערן; אומגעקערט ווע־רן; איבערדרייען זיך; אויסדרייען זיך.

— נַהֲפוֹךְ הוּא, פַארקערט: אומגעקערט.

— הָפֵךְ, איבערדרייען; איבערוואַרפן.

— וָו הַמְהַפֵּךְ (הַמְהַפֶּכֶת), צוגאָב פון אות ו' פון אָנהייב צייטוואָרט צו פארוואַנדלען עס אין צוקונפט־ אָדער פאַרגאַנגענהייט־פאָרם.

— הֻפַּךְ, איבערגעדרייט ווערן; איבער־געקערט ווערן; פאַרוואַנדלט ווערן.

— הִתְהַפֵּךְ, איבערדרייען זיך; איבער־קערן זיך; אויסדרייען זיך; פאַרוואַנ־דלען זיך.

הֵפֶךְ, הֶפֶךְ, הֹפֶךְ, ז. קעגנזאַץ; קעגנטייל.

— לְהֵיפֶךְ, אין קעגנזאַץ; אין קעגנטייל.

— הַפְכָם! דאָס פאַרקערטע איז ריכ־טיק!

הֲפֵכָה, נ. איבערקערעניש; רעוואָלוציע; צעשטערונג; חורבן.

הֲפָכִי, ת. קעגנזעצלעכער; פאַרקערטער.

הֲפָכִיּוּת, נ. קעגנזעצלעכקייט.

הֲפַכְפַּךְ, הֲפַכְפַּךְ, ת. פאַרענדערלעכער; דרייערישער; נישט באַשטענדיקער.

הֲפַכְפָּכוּת, הֲפַכְפְּכָנוּת, נ. לייכטזיני־קייט; נישט באַשטענדיקייט.

הֲפַכְפְּכָן, ז. לייכטזיניקער; נישט באַ־שטענדיקער.

הֵפַל, פ"י. וואַרפן; אַראָפּוואַרפן; אָפּ־וואַרפן; אומוואַרפן; אָפּלאָזן. זע נָפַל.

הַפְלֵא, הַפְלֵא וָפֶלֶא! וואונדער איבער וואונדער.

הַפְלָאָה, נ. אויסטיילונג; פאַרוואונדערונג; שטוינונג; אַריינברענגונג אין פאַר־וואונדערונג.

הֶפְלֵג, ז. אָפּשטאַנד; דיסטאַנס; איבער־רייס; אויסדריי.

הַפְלָגָה, נ. אָפּשלאָגונג פון ברעג; אָפּ־שווימונג; דערווייטערונג; איבער־טרייבונג.

— דּוֹר הַפְּלָגָה, דור וואָס האָט געבויט דעם טורעם פון בָּבֶל; דור מיט ווי־דעראַנאַנדן און קאָנפליקטן.

הַפְלָה, נ. וואַרפונג; וווּרף; שלייַדערונג; מַפלונג; אָבאָרט.

הַפְלָטָה, נ. אַרויסוווּרף; אַרויסרייסונג (זיך).

הֶפְלֵטוּת, נ. אַרויסשאָס; אַרויסטרעטונג; אַרויסריס; אַרויסרייסונג.

הַפְלָיָה, נ. דיסקרימינאַציע; אויסטיילונג צום שלעכטן; אויסנעמלעכקייט.

הַפְנָאָה, הַפְנָיָה, נ. אויסדרייאונג; ווענ־דונג; אָפּווענדונג.

הֶפְנוּת, נ. זיך פרייַמאַכונג.

הַפְנָמָה, נ. פאַרשטויסונג (אין זיך).

הֵפֵס, פ"י. איבערבעטן; פאַרמילדערן; לאַסירן. זע פַּיֵּס.

הֶפְסֵד, ז. פאַרלוסט; שאָדן; פאַרשפי־לונג.

הֲפָסָה, נ. איבערבעטונג; פאַרמילדערונג; לאַסירונג.

הַפְסָלוּת, נ. פְּסוּל־מאַכונג; פאַראומגיל־טיקונג.

הֶפְסֵק, ז. איבעררייס; פויזע; אינטער־וואַל; אָפּשטעל.

— סִמָּנֵי הֶפְסֵק, אינטערפונקציע.

הַפְסָקָה, נ. איבעררייס; אינטערוואַל; אַנ־טראַקט; פויזע; אָפּשטעל.

— סִמָּנֵי הַפְסָקָה, ז"ר. אינטערפונקציע.

**הַפְּסָקוֹת**, נ. איבעררײַס; אָפּשטעל; אויפֿהער.

**הִפָּעֵל**, פ״י. באַוועגט ווערן; אָנרעגן צו טאַט; אַרײַנגעבראַכט ווערן אין באַוועגונג. זע פָּעַל.

**הִפְעִיל**, ז. אַקטיווע פֿאָרם פֿון צײַטוואָרט אין העברעאישער גראַמאַטיק.

**הָפְעַל**, ז. פּאַסיווע פֿאָרם פֿון צײַטוואָרט אין העברעאישער גראַמאַטיק.

**הַפְעָלָה**, נ. אַקטיוויזירונג; אויפֿרודערונג.

**הִפָּעֲלוּת**, נ. אַקטיוו־ווערונג; באַאײַנדרוקטקייט; פֿונקציע־איבערנעמונג.

**הַפְעָמָה**, נ. קלאַפּונג.

**הִפָּעֲמוּת**, נ. **הִפָּעֲמוּת־רוּחַ**, גײַסטיקער אויפֿברויז.

**הִפָּעֲרוּת**, נ. צעעפֿענונג.

**הֵפִיץ**, פ״י. קאָלפּאָרטירן; פֿאַרשפּרייטן; פֿונאַנדערשפּרייטן; צעשפּרייטן. זע פּוּץ.

**הֲפָצָה**, נ. קאָלפּאָרטאַזש; פֿאַרשפּרייטונג; פֿונאַנדערשפּרייטונג; צעשפּרייטונג.

**הַפְצָעָה**, נ. דורכריס; דורכדרינגונג.

**הִפָּצְעוּת**, נ. פֿאַרוווּנדעט־ווערונג.

**הַפְצָצָה**, נ. באָמבאַרדירונג.

**הֶפְצֵר**, ז. **הַפְצָרָה**, נ. שטאַרקע ביטע; צודרינגלעכקייט; צושטייאונג; אויסבעטונג.

**הֵפֵק**, פ״י. אַרויסבאַקומען; אַרויסגעבן. זע פּוּק.

**הִפֵּק**, פ״י. אַרויסבאַקומען; אַרויסציִען; אַרויסברענגען. זע נָפַק.

**הַפְקָדָה**, נ. דעפּאָנירונג; אָנפֿאַרטרויונג; באַשטימונג.

**הִפָּקְדוּת**, נ. ציילונג; אָפּוועזנהייט; פֿאַרגעדענקונג.

**הֲפָקָה**, נ. אַרויסבאַקומונג; אַרויסברענגונג.

— **הֲפָקַת רָצוֹן**, באַפֿרידיקונג.

**הִפָּקְחוּת**, נ. אויפֿעפֿענונג.

**הַפְקָעָה**, נ. קאָנפֿיסקאַציע; אנטאײגנונג; סעקוועסטראַציע; אַנולירונג; אויפֿלייזונג; באַפֿרײַאונג.

— **הַפְקָעַת שְׁעָרִים**, ספּעקולאַציע; פּרײַזן־אויפֿהייבונג; פּרײַזן־אויפֿשרויפֿונג.

**הֶפְקֵר**, ז. זאַך וואָס געהער נישט צו קיינעם; הֶפקר; אויסגעלאַסנקייט.

— **בֶּן־אָדָם שֶׁל הֶפְקֵר**, אַנאַרכיסט.

— **יֶלֶד־הֶפְקֵר**, היימלאָזן קינד; קינד אָן אויפֿזיכט.

— **עוֹלַם־הֶפְקֵר**, אַנאַרכיע.

— **שֶׁטַח־הֶפְקֵר**, קיינעמס לאַנד.

**הַפְקָרָה**, נ. פֿאַרוואָרלאָזונג.

**הֶפְקֵרוּת**, נ. אויסגעלאַסנקייט; ווילדקייט; צעלאָזנקייט.

**הֵפֵר**, פ״י. פֿאַראומעגלעכן; אַנולירן; אָפּהאַלטן; סאַבאָטירן; צעשטערן. זע פּוּר און פָּרַר.

**הֵפֶר**, ז. אַנולירונג; צעשטערונג; פֿאַראומגילטיקונג.

**הַפְרָאָה**, **הַפְרָיָה**, נ. באַפֿרוכפּערונג; באַפֿרוכטבאַרונג.

**הֶפְרֵד**, ז. אונטערשייד; אָפּשייד.

**הַפְרָדָה**, נ. סעפּאַראַציע; סעפּאַרירונג;

אָפּטיילונג; פֿונאַנדערטייל; פֿונאַנדער־
גלידערונג.

**הַפְּרָדוּת**, נ. צעשיידונג; צעגלידערונג;
צעגייאונג.

**הֲפָרָה**, נ. וואָרט־ברעכונג; צונישטמאַ־
כונג; סקאַסירונג; פֿאַרגוואַלטיקונג;
אומגילטיק־מאַכונג.

**הֶפְרֵז**, ז. שאַרזש; איבערטרייַב.

**הַפְרָזָה**, נ. איבערטרייַבונג; גוזמה.

**הַפְרָחָה**, נ. אין דער לופֿט־לאָזונג; פֿאַר־
שפּרייטונג; באַלעבונג.

**הַפְרָטָה**, נ. דעטאַליזירונג; פּרט־אויס־
טיילונג.

**הַפְּרָטוּת**, נ. אויסבייַט אויף קלייניקייטן;
אויסרעכנונג פֿון איינצלהייטן.

**הַפְרָכָה**, נ. צעקלאַפּונג; אָפּשלאָגונג (אַר־
גומענטן; טענות).

**הֶפְרֵעַ**, ז. שטערונג; שטער.

**הַפְרָעָה**, נ. שטערונג; שטער.

**הַפְּרָעוּת**, נ. פֿאַרווילד־ווערונג; אינקאַ־
סירונג; באַשטראָפֿונג.

**הֶפְרֵשׁ**, ז. אונטערשייד.

**הַפְרָשָׁה**, נ. אָפּטיילונג; אָפּשיידונג;
אויסטיילונג; אָפּשיפֿונג.

— **הַפְרָשָׁה פְּנִימִית**, דריזן־אויסטיילונג;
סעקרעציע.

**הֶפְשֵׁט**, ז. שינדונג; אָפּשינדונג; אויס־
טואונג (קליידער).

— **הֶפְשֵׁט מֵעַיִם**, דעזינטעריע.

**הַפְשָׁטָה**, נ. שינדונג; אָפּשינדונג; אויס־
טואונג (קליידער); אַבסטראַקציע.

**הַפְשָׁלָה**, נ. וואַרפֿונג; אָפּוואַרפֿונג;
שלייַדערונג; פֿאַרבייגונג; פֿאַרקאַ־
טשונג.

**הֶפְשֵׁר**, ז. אָנוואַרמונג; לוילעך־מאַכונג.

**הַפְשָׁרָה**, נ. צעלאָזונג; אויפֿלייזונג; צע־
גייאונג.

**הַפְתָּחוּת**, נ. עפֿנונג; דערעפֿנונג.

**הַפְתָּעָה**, נ. איבעראַשונג; סיורפּריז.

**הֶפְתֵּק**, ז. שפּייַז־סקלאַד; שפּייַכלער;
מאַגאַזין.

**הֵצַב**, פ"י. שטעלן; אויפֿשטעלן. זע **יָצַב**
און **נָצַב**.

**הַצְבָּאָה**, נ. קאָמאַנדירונג.

**הַצָּבָה**, נ. שטעלונג; אויפֿשטעלונג; אַ־
וועקשטעלונג; באַשטימונג (אין אַל־
געברע).

**הַצְבָּעָה**, נ. שטימונג; אָפּשטימונג; וויי־
לונג; אָנווייַזונג; פֿינגער־אויפֿהייבונג.

— **הַצְבָּעָה חֲשָׁאִית**, געהיימע וואַלן.

**הֵצַג**, פ"י. אויפֿשטעלן; אויסשטעלן; פֿאָר־
שטעלן; אָנווייַזן. זע **יַצֵּג** און **נָצַג**.

**הַצָּגָה**, נ. אויפֿשטעלונג; אויסשטעלונג;
פֿאָרשטעלונג.

**הֶצֵּג**, ז. עקספּאָזיציע (אין מוזיק).

**הַצְדָּאָה**, נ. גלאַדיאַטאָרן־קאַמף מיט חיות
אויפֿן פֿאָרום.

**הַצְדָּעָה**, נ. סאַלוטירונג.

**הֶצְדֵּק**, ז. באַרעכטיקונג; רעכטפֿאַרטי־
קונג.

**הַצְדָּקָה**, נ. באַרעכטיקונג; רעכטפֿאַרטי־
קונג.

**הֵצָה**, פ"י. אַרויסרופֿן קאָנפֿליקט; אַרויס־
רופֿן געשלעג. זע **נָצָה**.

**הַצְהָבָה**, נ. פֿאַרגעלונג.

**הַצְהָלָה**, נ. דערפֿרייאונג.

הַצְהָרָה, נ. דעקלארירונג; דעקלאראציע.

הִצְטַבֵּעַ, פ"ע. אָפּפּארבן זיך; באַפּארבן זיך. זע צָבַע.

הִצְטַבְּעוּת, נ. זעלבסט־באַפּארבונג.

הִצְטַבֵּר, פ"ע. צוזאַמענזאַמלען זיך; צוזאַמענקלייַבן זיך. זע צָבַר.

הִצְטַבְּרוּת, נ. צוזאַמענקלייַב; צוזאַמענגעמונג; צונויפנעמונג.

הִצְטַדֵּד, פ"ע. אָפּטרעטן אין אַ זייַט. זע צָדַד.

הִצְטַדְּדוּת, נ. אין אַ זייַט אָפּטרעטונג.

הִצְטַדֵּק, פ"ע. רעכטפאַרטיקן זיך; פאַרענטפערן זיך. זע צָדַק.

הִצְטַדְּקוּת, נ. רעכטפאַרטיקונג; פאַרענטפערונג.

הִצְטַהֵב, פ"ע. געל ווערן. זע צָהַב.

הִצְטַהֲבוּת, נ. געל־ווערונג; פאַרגעלונג.

הִצְטַהֵל, פ"ע. פרייען זיך; שאַלן פון פרייד. זע צָהַל.

הִצְטַהֲלוּת, נ. פרייד און שאַלונג.

הִצְטוֹפֵף, פ"ע. צוזאַמענקוועטשן זיך; צוזאַמענדרענגען זיך. זע צָפַף.

הִצְטוֹפְפוּת, נ. ענגשאַפט: געדרענגעניש.

הִצְטַחְצֵחַ, פ"ע. אויספוצן זיך; צעגלאַנצן זיך. זע צַחְצֵחַ.

הִצְטַחְצְחוּת, נ. אויספוצונג; אויסגעפוצטקייט.

הִצְטַחֵק, פ"ע. שמייכלען. זע צָחַק.

הִצְטַחֲקוּת, נ. צעשמייכלונג; שמייכל.

הִצְטַיֵּד, פ"ע. באַזאָרגן זיך; אויסשטאַטן זיך; אונטערגאַרטלען זיך; זיך גרייט־מאַכן. זע צוּד און צַיֵּד.

הִצְטַיְּדוּת, נ. אויסשטאַטונג; אונטערגאַרטלונג.

הִצְטַיֵּן, פ"ע. אויסצייכנען זיך. זע צַיֵּן.

הִצְטַיֵּר, פ"ע. פאָרגעשטעלט ווערן; אָנצייכנען זיך; צייכנען זיך; מאָלן זיך; מאַסקירן זיך. זע צַיֵּר.

הִצְטַיְּרוּת, נ. פאָרשטעלונג; באַצייכנונג.

הִצְטַלֵּב, פ"ע. געקרייַצט ווערן; צלמען זיך; דורכגעקרייַצט ווערן. זע צָלַב.

הִצְטַלְּבוּת, נ. קרייַצונג; דורכקרייַצונג; איבערקרייַצונג.

הִצְטַלֵּל, פ"ע. געלייַטערט ווערן. זע צָלַל.

הִצְטַלְּלוּת, נ. לייַטערונג; רייניקונג.

הִצְטַלֵּם, פ"ע. פאָטאָגראַפירן זיך. זע צַלֵּם.

הִצְטַלְּמוּת, נ. פאָטאָגראַפירונג; אָפּפּאָטאָגראַפירונג.

הִצְטַלֵּעַ, פ"ע. ווערן לאָם; אונטערלאָמען; מאַכן זיך פאַר אַ לאָמען. זע צָלַע.

הִצְטַלְּעוּת, נ. לאָם־ווערונג; אָנשטעל פון אַ לאָמען.

הִצְטַלְצֵל, פ"ע. צעקלינגען זיך; צוזאַמענקלינגען זיך. זע צִלְצֵל.

הִצְטַלְצְלוּת, נ. פונאַנדערקלאַנג; פונאַנדערקלינגונג; צוזאַמענקלינגונג.

הִצְטַלֵּק, פ"ע. פאַרציִען זיך (ווען אַ ווונד). זע צַלֵּק.

הִצְטַלְּקוּת, נ. ווונד־פאַרציאונג.

הִצְטַמְצֵם, פ"ע. באַגרענצן זיך; באַשרענקען זיך; אייַנשרומפן זיך; פאַרמינערן זיך; באַגנוגענען זיך. זע צִמְצֵם.

הִצְטַמְצְמוּת, נ. באַגרענצונג; באַשרענ־

קונג; אײַנשרימפּונג: פֿאַרמינערונג;
פֿאַרקלענערונג: באַגענוגענונג.

**הִצְטַמֵּק**, פ״ע. אײַנטריקענען זיך; אײַנ־
שרימפּן זיך. זע **צָמַק**.

**הִצְטַמְּקוּת**, נ. אײַנטריקענונג; אײַנ־
שרימפּונג.

**הִצְטַנֵּן**, פ״ע. צוקילן זיך; פֿאַרקילן זיך.
זע **צָנַן**.

**הִצְטַנְּנוּת**, נ. צוקילונג; פֿאַרקילונג.

**הִצְטַנֵּעַ**, פ״ע. פֿאַרבאָרגן זיך; מאַכן אָנ־
שטעל פֿון אַ באַשיידענעם. זע **צָנַע**.

**הִצְטַנְּעוּת**, נ. באַשיידנקייט; אָנשטעל־
מאַכונג פֿון אַ באַשיידענעם.

**הִצְטַנֵּף**, פ״ע. אײַנוויקלען זיך; צוזאַ־
מענוויקלען זיך; אײַנשרימפּן זיך. זע
**צָנַף**.

**הִצְטַנְּפוּת**, נ. צוזאַמענוויקלונג; אײַנ־
שרימפּונג.

**הִצְטַעֵף**, פ״ע. פֿאַרשלײערן זיך. זע. **צָעַף**.

**הִצְטַעֲפוּת**, נ. פֿאַרשלײערונג.

**הִצְטַעְצֵעַ**, פ״ע. אויספּוצן זיך; אויס־
פּראַנטעווען זיך; אויסטראָצלען זיך.

**הִצְטַעְצְעוּת**, נ. אויסגעפּוצטקייט; אויס־
געסטראָצלטקייט; הויך־קלינגעוודי־
קייט.

**הִצְטַעֵק**, פ״ע. צעריטשען זיך; צעשרײַען
זיך. זע **צָעַק**.

**הִצְטַעֲקוּת**, נ. צעריטשונג; צעשרײַ־
עניש.

**הִצְטַעֵר**, פ״ע. באַדויערן; זאָרגן זיך. זע
**צָעַר**.

**הִצְטַעֲרוּת**, נ. באַדויערונג; זאָרג.

**הִצְטַפְצֵף**, פ״ע. רייניקן זיך; לײַטערן
זיך. זע **צִפְצֵף**.

**הִצְטָרֵב**, פ״ע. אָפּבריִען זיך. זע **צָרַב**.

**הִצְטָרְבוּת**, נ. אָפּבריאונג; בראַנד.

**הִצְטָרֵד**, פ״ע. הייזעריק ווערן. זע **צָרַד**.

**הִצְטָרְדוּת**, נ. הייזעריקייט.

**הִצְטָרֵךְ**, פ״ע. דאַרפֿן; מוזן. זע **צָרַךְ**.

**הִצְטָרְכוּת**, נ. באַדערפֿעניש; באַדאַרף.

**הִצְטָרֵעַ**, פ״ע. קרעציק־ווערן. זע **צָרַע**.

**הִצְטָרְעוּת**, נ. פֿאַרקרעציקט־ווערונג.

**הִצְטָרֵף**, פ״ע. אָנשליסן זיך; צושטיין;
פֿאַרבינדן זיך. זע **צָרַף**.

**הִצְטָרְפוּת**, נ. אָנשליסונג; צושטייאונג;
פֿאַרבינדונג.

**הִצְטָרֵר**, פ״ע. ענג־ווערן. זע **צָרַר**.

**הִצְטָרְרוּת**, נ. פֿאַרענגונג; ענג־ווערונג.

**הַצֵּל**, פ״י. ראַטעווען; אָפּראַטעווען;
דערלייזן; אויסטיילן; שיצן. זע **נָצַל**.

**הָצֵל**, פ״י. באַשאָטענען; פֿאַרשאָטענען;
באַשירמען. זע **צָלַל**.

**הַצְלָבָה**, נ. קרײַצונג (געוויקסן און חיות).

**הַצְלָבוּת**, נ. קרײַצונג; אויפֿשלאָגונג אויף
אַ קרייץ.

**הַצָּלָה**, נ. רעטונג; אָפּרעטונג; דערליי־
זונג.

**הַצָּלוּת**, נ. אָפּפֿרעגלונג; אָפּבראָטונג.

**הַצְלָחָה**, נ. גליק; דערפֿאָלג.

**הַצְלָלָה**, נ. לײַטערונג; אויסלײַטערונג;
טויכונג.

**הַצְלָפָה**, נ. בײַטשונג; שמײַסונג.

**הַצְמָאָה**, נ. אויסדורשטונג; פֿאַרדורשטונג.

**הַצְמָדָה**, נ. צופּעסטיקונג; צוהעפטונג; צוטשעפּונג; פאַרבינדונג; צוקלעפּונג.

**הִצְמְדוּת**, נ. צוגעפּעסטיקטקייט: פאַר־איינבאַרקייט.

**הַצְמָחָה**, נ. אויפוואוקס; אויסוואוקס; ציכ־טונג; פונאַנדערוואוקס־פאַראורזאַכונג.

**הַצְמָתָה**, נ. פאַרניכטונג.

**הֶצֶן**, ז. שטויס־פּיקע; פלאַקס־בינטל.

**הַצְנָּה**, נ. אָפּקילונג.

**הַצְנָחָה**, נ. אַראָפּלאָזונג מיט פאַלשירם.

**הֶצְנֵעַ**, ז. באַשיידנקייט; ציכטיקייט; איינ־געהאַלטנקייט.

— **בְּהֶצְנֵעַ**, שטיל; באַשיידן; דיסקרעט; אין געהיים.

**הַצְנָעָה**, נ. פאַרבאָרגונג; באַהאַלטונג.

**הַצֵּעַ**, פ״י. פאָרשלאָגן; פאָרלייגן; פראָ־פּאָנירן; אויסשפּרייטן; אויסבעטן (אַ געלעגער). זע הָצַע.

**הֶצַע, הֶצֵּעַ**, ז. אָנבאָט; פאָרשלאָג; פראָ־פּאָזיציע.

**הַצָּעָה**, נ. פאָרשלאָג; פּראָפּאָזיציע; אָנ־באָט; אָפּערטע; אויסלייגונג; אויס־שפּרייטונג; בעטונג; אויסבעטונג; אַ־ריינפיר.

**הַצְעָפָה**, נ. פאַרוועלאָנירונג; מיט וועַ־לאָן־פאַרדעקונג; פאַרשלייערונג.

**הָצֵף**, פ״י. פאַרשווענקען; פאַרגיסן; פאַר־פלייצן. זע צוּף.

**הֶצֵף**, ז. פאַרגיסונג; פאַרשווענקונג; פאַר־פלייצונג; פאַרוואַרפונג (מאַרק מיט סחורה).

**הַצָּפָה**, נ. פאַרגיסונג; פאַרשווענקונג; פאַרפלייצונג; פאַרוואַרפונג (מאַרק מיט סחורה).

**הַצְפָּנָה**, נ. פאַרבאָרגונג; באַהאַלטונג; ווענדונג אויף צָפון.

**הָצֵץ**, פ״ע. קוקן; בליקן; בליִען. זע צִיץ.

**הֲצָצָה**, נ. בליק; אַרייַנבליק; קנאָספּונג.

**הַצֵּק**, פ״י. דריקן; אונטערדריקן; קלע־מען; דערגיין די יאָרן. זע צוּק.

**הֲצָקָה**, נ. מאַטערונג; אויסמאַטערונג.

**הַצָּקָה**, נ. שמעלצונג; אָפּגיסונג. (מעטאַל).

**הָצֵר**, פ״י. ענג־מאַכן; קלעמען; דריקן; פּייַניקן; קלעמען זיך; דריקן זיך; פּייַניקן זיך. זע צָרַר.

**הֲצָרָה**, נ. פאַרקירצונג.

**הִצָּרוּת**, נ. קורץ־מאַכונג; קורץ־ווערונג.

**הַצְרָחָה**, נ. ריטשונג; בלייקונג; ראָשאַדע (אין שאַך־שפּיל).

**הַצְרָכָה**, נ. נויט־באַדערפעניש; באַדער־פעניש.

**הֶצְרֵף**, ז. צובונד; צובינדונג.

**הַצֵּת**, פ״י. אָנצינדן; אונטערצינדן. זע יָצַת.

**הַצָּתָה**, נ. אָנצינדונג; אונטערצינדונג.

**הָקֵא**, פ״י. ברעכן; ווערזען; אָפּגעבן. זע קִיא.

**הֲקָאָה**, נ. ברעכונג; ווערזונג; אָפּגעבונג.

**הַקְבָּלָה**, נ. קעגנשטעלונג; פאַרגלייַך; פּאַראַלעליזם; אַנטשפּרעכנדיקייט.

**הִקָּבְעוּת**, נ. באַשטימונג; סטאַבילירונג; באַפעסטיקונג.

**הִקָּבְצוּת**, נ. אייַנזאַמלונג; צונויפנעמונג.

**הַקְדָה**, נ. אָנצינדונג; אונטערצינדונג.

**הַקְדָּחָה**, נ. פַארדאַרבונג; צוברענונג.

— **הַקְדָּחַת הַתַּבְשִׁיל**, שפייַז־צוברענונג.

**הֶקְדֵּם**, ז. פריצייַטיקייט; איבעראייַלונג.

— **בְּהֶקְדֵּם**, וואָס פריער.

**הַקְדָּמָה**, נ. פאָרוואָרט; פאָראויסלויפונג.

**הַקְדָּרָה**, נ. פאַרוואָלקונג; פאַראומערונג.

**הֶקְדֵּשׁ**, ז. פאַרהייליקטקייט; הֶקדש; אַזיל פאַר אָרעמע.

**הַקְדָּשָׁה**, נ. הייליקונג; געהייליקטקייט; ווידמונג.

**הַקְהָיָה**, נ. פאַרטעמפונג; פאַרשטומפונג.

**הַקְהֵל**, ז. פאַרזאַמלונג.

**הִקָּהֲלוּת**, נ. פאַרזאַמלונג; צונויפקום.

**הִקָּווּת**, נ. וואַסער־אייַנזאַמלונג.

**הַקֵּז**, פ״י. אָפּציִען; דרענירן. זע נָקֹז.

**הַקָּזָה**, נ. בלוט־אָפּציאונג.

**הַקְטָנָה**, נ. פאַרמינערונג; פאַרווייניקערונג; פאַרקלענערונג.

**הֶקְטֵר**, ז. קָרבן־פאַרברענונג.

**הַקְטָרָה**, נ. קָרבן־פאַרברענונג; ווייַרויכונג; קטורֶת־ברענונג; קטורֶת־דעמפונג.

**הֲקִיצָה**, נ. אויפוואַכונג.

**הָקֵל**, פ״י. פאַרגרינגערן; פאַרלייַכטערן; לייַכטער מאַכן; דערלייַכטערן; גרינגשעצן. זע קָלֹל.

**הֲקַלָּה, הֲקָלָה**, נ. פאַרגרינגערונג; פאַרלייַכטערונג; דערלייַכטערונג.

**הִקָּלְטוּת**, אָנעמונג; אַבסאָרבירונג; אַבסאָרבציע; אייַנוואָרצלונג.

**הִקָּלְעוּת**, נ. פאַרוואַלגערונג.

**הַקְלָשָׁה**, נ. פאַרשיטערונג; שיטער־מאַכונג.

**הָקֵם**, פ״י. אויפשטעלן. זע קוּם.

**הֶקֵּם**, ז. באַשטעטיקונג; באַשטענדיקונג.

**הֲקָמָה**, נ. אויפשטעלונג; גרינדונג; אויספירונג; רעקאָנסטרואירונג.

**הַקְמָחָה**, נ. פאַרמעליקונג.

**הַקְנָאָה, הַקְנָיָה**, נ. איבערפירונג; איבערגעבונג; צעדירונג.

**הַקְנָטָה**, נ. דערצערנונג; רייצונג; איריטירונג; דענערווירונג.

**הַקְסָמָה**, נ. באַצויבערונג; פאַרכּשופונג.

**הַקְעָה**, נ. אויסלענקונג.

**הָקֵף**, פ״י. געבען אויף קרעדיט. זע קוּף.

**הַקֵּף**, פ״י. אַרומרינגלען; אַרומנעמען; אַרומקרייַזן; אַרומגיין; געבן אויף קרעדיט. זע קוּף.

**הֶקֵּף**, ז. אומקרייַז; אומפאַנג; פערימעטער; פאַרנעם; אַרומנעם; אומזאַץ.

**הַקְפָּאָה**, נ. פאַרפרירונג.

**הַקְפָּדָה**, נ. פעדאַנטישקייט; פינקטלעכקייט; שטרענגקייט; היציקייט.

**הֲקָפָה**, נ. קרעדיט; באָרג.

**הַקָּפָה**, נ. אַרומרינגלונג; אַרומקרייַזונג; קרעדיט.

**הֶקֵּפִי**, ת. אומקרייַזיקער; אַרומנעמענדיקער.

**הַקְפָּצָה**, נ. אויפשפרינגען־מאַכונג.

**הָקֵץ**, פעו״י. אויפכאַפּן זיך; אויפוואַכן; אויפוועקן. זע קוּץ.

**הַקְצָאָה**, נ. אויסטיילונג; באַשטימונג.

הַקְצָבָה, נ. צוטייל; צוטיילונג; באַשטי־מונג.

הֲקָצָה, נ. אויפוואַכונג; דערוואַכונג.

הַקְטָנָה, נ. נאָמינאַציע פאַר אָפּיציר.

הַקְצָעָה, נ. הובלונג (מיט אַ הובל).

הַקְצָפָה, נ. אויפרעגונג; דערצערנונג; צערייצונג; פיאַנע־אויפשלאָג.

הֵקֵר, פ״י. אַרויסבאַקומען וואַסער. זע קוּר.

הֶקֵר, ז. וואַסער־אַרויסבאַקומונג.

— בְּאֵר הֶקֵר, ברונעם מיט גרונט־וואַסער.

הַקְרָאָה, נ. פאָרלייענונג; דעקלאַמאַציע; רעציטאַציע.

הַקְרָבָה, נ. אָפּפערונג; קרבן־ברענגונג; דערנענטערונג.

— הַקְרָבָה עַצְמִית, זעלבסט־אָפּפערונג.

הַקְרָחָה, נ. אויסקריכונג (האָר פון קאָפּ, האָר פון פעל).

הַקְרָנָה, נ. אויסשטראַלונג; באַשטראַלונג.

הַקְרָסָה, נ. אַראָפּזעצונג; אַראָפּזעץ.

הַקְרָשָׁה, נ. איינגליווערונג; פאַרגליווע־רונג; פאַרפרירונג; איינפרירונג.

הֵקֵשׁ, פ״י פאַרגלייַכן. זע קִישׁ.

הִקִּישׁ, פ״י. קלאַפּן; שלאָגן. זע נָקַשׁ.

הֶקֵּשׁ, ז. פאַרגלייַך; אַנאַלאָגיע; סילאָ־גיזם; לאָגישער אויספיר.

הַקְשָׁאָה, הַקְשָׁיָה, נ. פאַרהאַרטונג; האַרט־ווערונג.

הֶקְשֵׁב, ז. אויפמערקזאַמקייט.

הַקְשָׁבָה, נ. צוהערונג; אויפמערקזאַמ־קייט.

הַקָּשָׁה, נ. קלאַפּונג; פּויקונג.

— כְּלִי הַקָּשָׁה, קעסל־פּויקן.

הֶקֵּשָׁה, נ. פאַרגלייַך; אַנאַלאָגיע.

הַקְשָׁחָה, נ. פאַרהאַרטונג.

הֶקְשֵׁר, ז. פאַרבינדונג; צונויפבינדונג; קאָנטעקסט.

הִקָּשְׁרוּת, נ. פאַרבינדלעכקייט; פאַר־בינדונג.

הַר, ז. באַרג.

— הַר־אֵשׁ, הַר־גַּעַשׁ, הַר־הַמַּשְׁחִית, הַר־שְׂרֵפָה, ז. ווולקאַן.

— הַר־הַבַּיִת, הַר־צִיּוֹן, הַר־הַקֹּדֶשׁ, ז. דער באַרג אין ירושלים, ווו ס׳איז גע־שטאַנען דער בית־המקדש.

הֵרָאוּת, נ. פּלוצימע באַווייַזונג; פּלוצי־מע דערשייַנונג.

הַרְאֵל, ז. בעלעמער אין בית־המקדש; מזבח.

הַרְבֵּה, תה״פ. פיל; אַ סך.

הַרְבָּיָה, נ. פאַרמערונג.

הַרְבָּעָה, נ. פּאָרונג (בהמות).

הַרְבָּצָה, נ. אויפצווינגונג אַ בהמה זאָל זיך אָוועקלייגן; באַשפּריצונג; באַ־גיסונג; שמייַסונג (אין רעדנסאַרט).

הָרַג (הָרַג, יַהֲרֹג), פ״י. הרגענען; מאָר־דן; טויטן.

— הֹהֲרַג, געהרגעט ווערן; דערמאָרדעט ווערן; געטויט ווערן.

— הֹרוֹג, געהרגעט ווערן.

הֶרֶג, ז. מאָרד; שחיטה; קעפּונג; מער־דעריי.

הֹרֵג, ז. מערדער; רוצח.

הֲרֵגָה, נ. מאָרד; שחיטה.

**הַרְגָּזָה**, נ. דערצערנונג; רייצונג; איריטי־רונג.

**הֶרְגֵּל**, ז. געוווינהייט; שטייגער; פּירונג.

**הֶרְגֵּנוּת**, נ. קלאָגעניש; טַענות־האָבונג.

**הַרְגָּעָה**, נ. באַרואיקונג; דערלייכטערונג; אײַנשטילונג; אַלאַרם־אָפּרופונג.

**הֵרָגְעוּת**, נ. רואיק־ווערונג; אײַנשטי־לונג.

**הֶרְגֵּשׁ**, ז. אָפּפּילונג; אינטואיציע.

**הַרְגָּשָׁה**, נ. געפּיל; אָפּפּילונג; פּילונג.

**הַרְדּוּף**, ז. אָלעאַנדער (געוויקס).

**הַרְדָּמָה**, נ. אײַנשלעפערונג; אײַנשלאָ־פונג.

**הַרְדָּפָה**, נ. פאַרפאָלגונג; שטראָף פאַר נישט אויספאָלגן געריכטס־אורטייל.

**הָרָה** (הָרְתָה, תַּהֲרֶה), פ״ע. שוואַנגערן; פאַרשוואַנגערן; טראָגן; פאַרגיין אין טראָגן.

— **הרה**, אָנהייבן צו ווערן.

**הָרָה**, ת. שוואַנגערדיקע; טראָגעדיקע.

— **הַיּוֹם הֲרַת עוֹלָם**, טאָג פון וועלט־באַשאַף און מִשפּט; דעצידירנדיקער טאָג.

**הֹרָה** (= הֶהָרָה), באַרג־אַרויף.

**הַרְהָבָה**, נ. געוואַגטקייט; וואַגעניש; דרייסטקייט.

**הִרְהוּר, הַרְהוֹר**, ז. נאָכדענקונג; נאָכ־טראַכטונג; רעפלעקס.

**הִרְהֵר**, פ״ע. נאָכדענקען; נאָכטראַכטן.

— **הִרְהֵר אַחֲרֵי־, עַל־**, פאַרדעכטיקן.

— **הִתְהַרְהֵר**, אַרויפקומען אויפן געדאַנק.

**הָרוּג**, ת. געהרגעטער; דערשלאָגענער צום טויט; געמימתטער; טויט־מידער.

**הָרוֹג**, ז. מערדער; רוֹצֵחַ; גזלן.

**הַרְוָחָה**, נ. דערלייכטערונג; באַקוועמ־לעכקייט; פאַרברייטערונג; אויסבריי־טערונג.

**הָרוּי**, ת. געבוירענער.

**הֵרוֹן**, ז. שוואַנגערשאַפט.

**הַרְזָאָה**, נ. אָפּמאָגערונג.

**הֵרַח**, פעו״י. שמעקן; אָפּפילן; דערפילן. זע רֵיחַ.

**הַרְחָבָה**, נ. אויסברייטערונג.

**הֲרָחָה**, שמעקונג; פילונג; שפּירונג.

**הַרְחָפָה**, נ. אין דער הויך־וואַרפונג.

**הַרְחָצָה**, נ. אָפּוואַשונג; וואַשונג.

**הַרְחֵק**, תה״פ. ווייט.

**הֶרְחֵק**, ז. דערווייטערטקייט; דיסטאַנס; ווייטקייט; דערווייטערונג.

**הַרְחָקָה**, נ. דערווייטערונג; באַזייטי־קונג.

**הַרְטָבָה**, נ. באַפייכטונג; פייכטמאַכונג; אײַנעצונג.

**הֵרָטְבוּת**, נ. אײַנעצונג; דורכנעצונג.

**הֲרֵי**, מ״ק. אָט; דאָך; באמת.

— **הֲרֵי זֶה**, איז דאָס; אָט דאָס איז.

— **הֲרֵינִי**, אָט בין איך.

**הֶרִי**, ז. אייגנשאַפט; קוואַליטעט.

**הֵרִיב**, פ״י. קריגן זיך; שלאָגן זיך; שפּאַרן זיך; שטראָפן. זע רִיב.

**הֲרִיגָה**, נ. טויטונג; עקזעקוציע.

**הֲרִיָּה**, נ. שוואַנגערע פרוי.

**הֵרָיוֹן**, ז. שוואַנגערשאַפט.

**הֲרִיסָה**, נ. צעלייגונג; צעוואַרפונג; דע־מאָלירונג; צעשטערונג.

**הִתְקָרְבוּת**, נ. דערנענטערונג.

**הִתְקָרְדוּת**, נ. שטיין־אָפּזעצונג (אין כֵּלים).

**הִתְקָרְחוּת**, נ. אויסקריכונג; פּליך־באַקומונג.

**הִתְקָרְמוּת**, נ. פֿאַרהאַרטעוועט־ווערונג; פֿאַרשאָלט־אָדער פֿאַרהײַטלט־ווערונג.

**הִתְקָרְנוּת**, נ. פֿאַרהאָרנט ווערונג; צעשטראַלונג.

**הִתְקָרְרוּת**, נ. אָפּקילונג; פֿאַרקילונג.

**הִתְקָרְשׁוּת**, נ. פֿאַרגליווערונג.

**הִתְקַשּׁוּת**, נ. פֿאַרהאַרטונג; פֿאַרהאַרבונג.

**הִתְקַשְּׁחוּת**, נ. פֿאַרהאַרטונג.

**הִתְקַשְּׁטוּת**, נ. אויסגעפּוצטקייט; אויספּוצעניש.

**הִתְקַשְּׁרוּת**, נ. פֿאַרבינדונג.

**הַתֵּר**, פ״י. אויפֿטרייסלען; דערשיטערן; אויפֿבינדן; צעלאָזן; אויפֿלאָזן; באַפֿרײַען. זע נָתַר.

**הֶתֵּר**, ז. דערלויבעניש; דערלויבטקייט; אויפֿבינדונג; אָפּבינדונג.

— **הֶתֵּר הוֹרָאָה**, דיפּלאָם אויף רַב.

— **הֶתֵּר נְדָרִים**, באַפֿרײַאונג פֿון נדרים.

— **הֶתֵּר עִסְקָא**, דערלויבעניש צו נעמען פּראָצענט דורך מאַכן דעם מלווה פֿאַר אַ פֿיקטיוון שותּף.

**הַתְרָאָה**, נ. וואָרנונג.

**הִתְרָאֵה**, פ״ע זעען זיך. זע רָאָה.

**הִתְרַבּוּת**, נ. מערונג; צוּוואוקס.

**הִתְרַאֲווּת**, נ. עקסהיביציאָניזם, קראַנקהייט צו ווײַזן זיך נאַקעט.

**הִתְרָאוּת**, נ. זיך זעאונג מיט אײנאַנדער; ראַנדעוווּ.

**הִתְרַבְּצוּת**, נ. באַשפּריצונג; באַגיסונג; באַוואַסערונג.

**הִתְרַבְרֵב**, פ״ע. מאַכן פֿון זיך אַ וועזן; גרויסמאַניכעווען. זע רַבְרֵב.

**הִתְרַבְרְבוּת**, נ. גרויסהאַלטונג; באַרימערישקייט.

**הִתְרַגְּזוּת**, נ. אויפֿרעגונג; דענערווירונג ערגערניש; אויפֿקאָכונג פֿון כַּעַס.

**הִתְרַגְּלוּת**, נ. געוווינהייט; צוגעוווינטקייט.

**הִתְרַגְּשׁוּת**, נ. גערירטקייט; געמיט־אויפֿברויז.

**הִתְרַדְּדוּת**, נ. פּלעטונג; וואַלצונג.

**הַתָּרָה**, נ. פֿונאַנדערבינדונג; קנופּ־אויפֿבינדונג; לייזונג; אויפֿלייזונג; דערלויבעניש.

**הִתְרַהֲבוּת**, נ. פֿאַריסנקייט.

**הִתְרַהֲטוּת**, נ. פֿליסיקייט.

**הִתְרַוְּחוּת**, נ. צעווינטיקונג; צעלייגונג דורך ווינט.

**הִתְרוֹחֲחוּת**, נ. צערײַסונג דורך ווינט.

**הִתְרוֹחֲנוּת**, נ. פֿאַרגײַסטיקונג.

**הִתְרוֹמְמוּת**, נ. דערהויבנקייט.

**הִתְרוֹנְנוּת**, נ. צעזינגונג; צעשאַלונג מיט געזאַנג.

**הִתְרוֹעֲעוּת**, נ. צוזאַמענברעכונג; צוזאַמענברוך.

**הִתְרוֹפְפוּת**, נ. אָפּשוואַכונג; שלאַפֿקייט; שלאַבעריקייט.

**הִתְרוֹצְצוּת**, נ. צעיאַכמונג; אַרומלויפֿעניש; צוזאַמענשטויסונג.

**הִתְרוֹקְנוּת**, נ. אויסליידיקונג.

**הִתְרוֹשְׁשׁוּת**, נ. פֿאַראָרעמונג; צעבראָכנקייט.

**הִתְרַחֲבוּת**, נ. אויסברייטערונג.

**הִתְרַחֲצוּת**, נ. וואַשונג; באָדונג.

**הִתְרַחֲקוּת**, נ. דערווייטערונג.

**הִתְרַחֲשׁוּת**, נ. געשעעניש; געשעאונג.

**הִתְרַטְּבוּת**, נ. נאַס־ווערונג; נעצונג (אין בעט).

**הִתְרַכְּבוּת**, נ. מאָנטירונג; צוזאַמענשטעלונג.

**הִתְרַכְּזוּת**, נ. קאָנצענטרירונג; קאָנצענטראַציע.

**הִתְרַכְּכוּת**, נ. אַנטהאַלטונג; פֿאַרווייכונג.

**הַתְרָמָה**, נ. פֿאַראורזאַכונג צו שפּענדן; תּרומה־אָפּטיילונג פֿון פּרות און תּבֿואה.

**הַתְרָסָה**, נ. פּראָטעסט; פּראָטעסטירונג; רעקורס.

**הִתְרַסְּקוּת**, נ. צעקלאַפּט־ווערונג אויף שטיקלעך.

**הִתְרַעֲבוּת**, נ. אויסהונגערונג; הונגעריק־ווערונג.

**הַתְרָעָה**, נ. אַלאַרמירונג.

**הִתְרָעוּת**, נ. פֿאַרפֿרײַנטשאַפֿטלעכונג.

**הִתְרַעֲמוּת**, נ. אויפֿרעגונג; פּראָטעסטירונג.

**התרַעֲנוּת, הִתְרַעְנְנוּת**, נ. אָפּפֿרישונג.

**הִתְרַפְּאוּת**, נ. אויסהיילונג.

**הִתְרַפּוּת**, אָפּגעלאָזנקייט; שלאַבעריקייט; אָפּגעשוואַכטקייט.

**הִתְרַפְּסוּת**, נ. קריכערישקייט; געפֿאַלנקייט.

**הִתְרַפְּקוּת**, נ. אַרומהאַלדזונג; אַרומאָרמונג.

**הִתְרַצּוּת**, נ. פֿאַרענטפֿערונג.

**הִתְרַקְּבוּת**, נ. פֿוילונג.

**הִתְרַקְּמוּת**, נ. פֿאָרמירונג; פֿאַרוועבונג.

**הִתְרַקְּעוּת**, נ. צעפּלאַטשיקונג; צעשפּרייטונג; צעוואַלצונג.

**הִתְרַשְּׁלוּת**, נ. נאַכלעסיקייט; אָפּגעלאָזנקייט.

**הִתְרַשְּׁמוּת**, נ. באַאײַנדריקונג; אײַנדרוק.

**הִתְרַתְּחוּת**, נ. אויפֿקאָכעניש; אויפֿברויז.

**הִתְרַתְּכוּת**, נ. שווייסונג.

**הִתִּישׁ**, פ"י. אויסרײַסן; אויסוואָרצלען; צעשטערן. זע **נָתַשׁ**.

**הִתִּישׁ**, פ"י. אָפּשוואַכן. זע **תָּשַׁשׁ**.

**הַתָּשָׁה**, נ. אויסרײַסונג; אויסוואָרצלונג; צעשטערונג.

**הַתַּשָּׁה, הַתָּשָׁה**, נ. אָפּשוואַכונג.

**הִתְשׁוֹטֵט**, פ"ע. אַרומגיין. זע **שׁוּט**.

**הִתְשׁוֹטְטוּת**, נ. אַרומגאַנג.

**הֵתֵת**, פ"י. איבערפֿאַלן; פֿאַרלאָזן זיך. זע **הוּת**.

# ו

**ו (וָו),** — זעקסטער אות אין א״ב. אַלס ציפער אָדער צאָל — 6; מיט אַן אָפּ־שטריך פון אויבן (ו׳) — זעקס טויזנט.

**וְ, וּ, וַ, וָ, וֶ, וִ,** (אין אָנהייב פון זאַכווער־טער, אייגנשאַפטווערטער און צייט־ווערטער און אויך ווי אַ פאַרבינדונג) און; אויך; דאָך: צו (וָו הַחִבּוּר, וָו הַקִּשּׁוּר).

**וְ, וּ, וִ:** אין אָנהייב פון פאַרגאַנגענהייט־פאָרם פון צייטווערטער כדי זיי צו פאַרוואַנדלען אין צוקונפט־פאָרם (וָו הַהִפּוּךְ).

**וַ, וָ:** אין אָנהייב פון צוקונפט־פאָרם פון צייטווערטער כדי זיי צו פאַר־וואַנדלען אין פאַרגאַנגענהייט־פאָרם (וָו הַהִפּוּךְ).

**וָאדִי, וָדִי,** ז. פלוס; פלוס־געלעגער וואָס פילט זיך אויס אין רעגן־צייט.

**וָאו, וָו, וָיו,** נ. זעקסטער אות אין א״ב.

**וַאי, וַי,** מ״ק. וויי; אוי־וויי.

**וְאִידָךְ,** און נאָך: און אַנדערע.

**וּבִלְבַד,** תה״פ. אויב.

**וְגוֹמֵר, וְגוֹ׳,** און אַזוי ווייטער, אואז״וו.

**וִדֵּא,** פ״ע. זאָגן מיט זיכערקייט; באַ־שטימען אויף זיכער; באַשטעטיקן ריכטיקייט.

**וַדָּאָה,** נ. אַקסיאָמע.

**וַדָּאוּת,** נ. זיכערקייט.

**וַדַּאי, וַדַּי,** ז. זיכער; געוויס; באַצ. פאַר גאָט.

— **וַדַּאי בְּוַדַּאי,** אָן שום צווייפל; אויף זיכער.

**וַדָּאִי,** ת. זיכערער; באַשט׳מטער.

**וָדָה,** פ״י. אָפּנעמען ווידוי.

**הִתְוַדָּה,** פ״ע. זיך מודה זיין. זע יָדָה.

**וִדּוּא,** ז. באַשטעטיקונג פון ריכטיקייט.

**וִדּוּי,** ז. אויסזאָגונג פונעם גאַנצן אֶמת; אינטימע פאַרטרויאונג; תפילה פאַרן טויט.

**(וָדַע) הִתְוַדַּע,** פ״ע. באַקענען זיך; באַ־קאַנט ווערן; פאָרשטעלן זיך. זע יָדַע.

**וָה,** מ״ק. האָ! (פרייד־אויסרוף).

**וָהוּ** = **וְהוּא,** באַצ. פאַר גאָט.

**וָו,** ז. האַקן; האָקע; האַקע; זעקסטער אות פון א״ב.

**וָוִית,** נ. האַקעלע.

**וָזִיר,** ז. וויזיר; הויפּט פון דער רעגירונג; פרעמיער־מיניסטער.

**וַי**, מ״ק. ווײ! אוי־ווײ!

**וִילוֹן**, ז. (ר׳ וִילָאוֹת, וִילוֹנוֹת), פֿאָר־האַנג; שלייער; קאָטאַרע.

**וִכּוּחַ**, ו. דיסקוסיע; דיספּוט; פּאָלעמיק.

**וְכוּלֵי, וְכוּ׳** און אַזוי ווײַטער. אואז״וו.

**וִכֵּחַ**, פ״ע. דיסקוטירן; דיספּוטירן; פּאָ־לעמיזירן.

**הִתְוַכֵּחַ**, פ״ע. דיסקוטירן; פֿירן אַ דיס־פּוט; פּאָלעמיזירן.

**וֶכַח**, ז. דיספּוט; פּאָלעמיק.

**וַכְּחָן**, ז. פּילפּוליסט; דרייער מיטן גראָ־בן פֿינגער; פּאָלעמיזירער; דיספּוטי־רער.

**וַכְּחָנוּת**, נ. פּילפּוליסטיק; פּאָלעמיזירונג; דיספּוטירונג.

**וְכִי**, מ״ש. צי?

**וְכֻלֵּהּ**, מ״ש. און אַזוי ווײַטער; עט צע־טעראַ.

**וָלָד**, ז. (ר׳ וְלָדוֹת), עופּעלע; יינגס; קליינס (בײַ חיות).

**וַלְדָנִית**, נ. פֿרוי וואָס שיט מיט קינדער.

**וִלּוּן**, ז. פֿאָרהאַנג־אויפֿהענגונג; פֿאָרהאַנג־פֿאַרציאונג.

**וִלֵּן**, פ״י. אויפֿהענגען פֿאָרהאַנג, קאָטאַ־רע; פֿאַרציִען פֿאָרהאַנג, קאָטאַרע.

**וִסּוּת**, ז. רעגולאַציע; רעגולירונג.

**וָסִית**, ת. רעגולערער.

**וֶסֶת**, ז. (ר׳ וְסָתוֹת), מענסטרואַציע; פּע־ריאָד; לעבנס־שטייגער; געוווינהייט; מִנהג.

**וִסֵּת**, פ״י רעגולירן.

— **יְסּוּת**, רעגולירט ווערן.

**וַסָּת**, ז. רעגולאַטאָר.

**וַעֵד**, פ״י. באַשטימען; אויסזעצן; רופֿן פֿאַרזאַמלונג.

— **וְעַד**, באַשטימט ווערן.

— **הִתְוַעֵד**, צוזאַמענקלײַבן זיך; פֿאַר־זאַמלען זיך; טרעפֿן זיך.

**וַעַד**, ז. פֿאַרזאַמלונג; צונויפֿקום; קאָמי־טעט; ראַט; פֿאַרוואַלטונג; לייטונג.

— **וַעַד פּוֹעֵל**, עקזעקוטיווע.

— **בֵּית וַעַד**, ז. פֿאַרזאַמלונגס־הויז.

**וָעֶד**, תה״פ. אויף אייביק.

**וַעֲדָה**, נ. קאָמיסיע.

**וִעוּד**, ז. צוזאַמענרופֿונג; צוזאַמענקום.

**וְעִידָה**, ז. קאָנפֿערענץ; באַראַטונגס־פֿאַר־זאַמלונג.

**וָרֵד**, פ״י. ראָזע מאַכן; פֿאַראָזן.

— **הַוְרֵד**, רויזן זיך; ווערן ראָזע; ווערן רויטלעך.

**וֶרֶד**, ז. רויז (בלום).

**וָרֹד**, ת. ראָזער; ראָזיקער; רויזער.

**וַרְדִּי**, ת. ראָזיקער; רויזיקער.

**וַרְדִּינָא, וַרְדִּינָה**, נ. רויזנקוסט.

**וַרְדִּינוֹן**, ז. רויזן־אייל; רויזן־זאַפֿט.

**וְרַדְרַד**, ת. ראָזלעכער.

**וֶרֶדֶת**, נ. רויז (קראַנקהייט).

**וָרִיד**, ז. אָדער.

**וְרִידִי**, ת. אָדערדיקער.

**וֶרֶקוֹ**, ז. שטײַער פֿון אומבאַוועגלעכע גיטער.

**וֶשֶׁט**, ז. שפּײַז־רער (צווישן שלונג און מאָגן).

**וְתוּ**, מ״ח. און נאָך.

— **וְתוּ לָא**, און מער נישט.

**וִתּוּר**, ז. נאָכגעבונג; רעזיגנירונג; מווַתּר־זײַאונג; נאָכלאָזונג (פֿון פּרײַז, ווערט א״א).

**וָתִיק**, ז. געניטער; סטאַזשירטער; לאַנג־יעריקער; געטרײַער; איבערגעגעבע־נער; אַלט־אײַנגעזעסענער (אין רע־דנסאַרט).

— **וָתִיקִין**, באַצ. פֿאַר אָפּגעהיטענע אין מִצוות.

**וָתִיקוּת**, נ. אײַנגעאיבטקייט; געטרײַ־שאַפֿט; איבערגעגעבנקייט.

**וֶתֶק**, ז. סטאַזש; פּראַקטיק־דערוווערבונג; אײַנגעאיבטקייט; טרײַשאַפֿט; איבער־געגעבנקייט.

**וַתֵּק**, פ״י. לויבן פֿאַר טרײַשאַפֿט.

**וַתֵּר**, פ״ע. נאָכגעבן; רעזיגנירן (פֿון אַ זאַך, מיינונג א״א); פֿאַרגעבן; מוחל זײַן.

**וַתְּרָא**, **וַתְּרָה**, נ. מינדערווערטיקע זאַך.

**וִתְּרוֹן**, ז. נאָכגעבונג; פֿאַרגעבונג.

**וַתְּרָן**, ז. נאָכגיביקער; ברייטהאַרציקער; אויסברענגער.

**וַתְּרָנוּת**, נ. נאָכגיביקייט; ברייטהאַרציקייט; אויסברענגעריי.

**וַתְּרָנִי**, נ. נאָכגיביקער; מוחל־זײַענדיקער.



**ז** (זַיִן) זיבעטער אות אין א״ב. אַלס צאָל אין ציפֿער — 7; מיט אַן אָפּשטריך פֿון אויבן (ז׳) 7000.

**זְאֵב**, ז. וואָלף.

— **זְאֵב הַיָּם, זְאֵב הַמַּיִם**, ז. העכט (פֿיש).

**זְאֵבָה**, נ. וואָלפֿין.

**זְאֵבִי** ת: וואָלפֿישער.

**זְאֵבִית**, נ. הויט־טובערקולאָז (לופוס).

**זְאֵבִיּוּת**, נ. וואָלפֿישקייט.

**זַאֲטוּט**, ז. יוגנטלעכער; ראָצער.

**זֹאת**, מ״ג. אָט די; אָט די זאַך.

— **זֹאת אוֹמֶרֶת**, דאָס מיינט.

— **כָּזֹאת**, אַזאַ; אַזעלכס.

— **כָּזֹאת וְכָזֹאת**, אַזוי און אַזוי; אַזעלכס און אַזעלכס.

— **אֵי לָזֹאת**, צי צוליב דעם?

— **אִי לָזֹאת**, אויב אַזוי איז עס.

— **בְּכָל זֹאת**, דאָך: נישט געקוקט אויף דעם: פֿונדעסטוועגן.

**זָב**, ז. ריניקער. קראַנקער אויף טריפּער, גאָנאָרעאַ (געשל. קראַנקהייט); קראַנ־קער אויף אויספֿלוסן.

— **זָבִים**, נאָמען פֿון מסכתא אין דער משנה.

**זָבַד** (זָבַד, יִזְבֹּד), פ״י. באַשענקען; גיבן מַתָּנה; גיבן געשאַנק.

— **הִזָּבֵד**, באַשאָנקען ווערן.

— **הַזְבֵּד**, באַשענקען.

**זֶבֶד**, ז. מַתָּנה; געשאַנק.

**זִבְדָּה**, נ. שמאַנט; סמעטענע.

**זְבוּב**, ז. פֿליג.

— **בַּעַל זְבוּב**, כנַעַנישער גאָט; שֵׁד.

— **מִשְׁקַל־זְבוּב**, פֿליגן־געוויכט (אין באָקסן־קאַמף).

**זְבוּבוֹן**, ז. פֿליגעלע.

**זְבוּחַ**, ז. שחִיטה.

**זְבוּל**, ז. וווינונג; רעזידענץ; פּאַלאַץ; בית־הַמקדש; פֿערטער הימל.

**זִבּוּל**, ז. פֿעלד־באַמיסטיקונג; קָרבנות־ברענגונג פֿאַר געטשקעס.

**זִבּוּן, זָבוֹן**, ז. קונה; קונדע.

**זִבּוּן**, ז. פֿאַרקויף.

**זִבּוֹרָא, זִבּוֹרָה**, נ. בין.

**זִבּוּרִי**, ת. לעצטראַנגיקער; ערגסטער לוי־טן סאָרט.

**זִבּוּרִית**, נ. שלעכטער באָדן; נישטיקייט.

**זִבּוֹרִית**, נ. לאַסט; באַלאַסט.

**זָבוּת**, נ. טריפּער־קראַנקהייט; אויספֿלוס־קראַנקהייט.

**זָבַח** (**זָבַח, יִזְבַּח**), פּ״י. שעכטן (אַ בְּהֵמָה) אַלס קָרבּן.

— **הִזָּבֵחַ**, געשאָכטן ווערן אַלס קָרבּן; געבראַכט ווערן אַלס קָרבּן.

— **זַבֵּחַ**, אויסשעכטן; שלאַכטן.

**זֶבַח**, ז. קָרבּן פֿון אַ געשאָכטענע בְּהֵמָה. שְׁחִיטָה פֿון אַ בְּהֵמָה צו מאַכן אַ סעודה; שחיטה: שלאַכטונג.

— **זֶבַח הַיָּמִים**, יערלעכע סעודה.

— **זֶבַח פֶּסַח**, קָרבּן וואָס יִידן האָבן מַקריבֿ געווען ערבֿ פֶּסח.

— **זִבְחֵי מֵתִים**, קָרבּנות פֿאַר געטשן.

— **זִבְחֵי רִיב**, „סולחה״, איבערבעט־סעודה צווישן צעקריגטע שְׁבָטִים.

— **זֶבַח תּוֹדָה**, דאַנק־קָרבּן צו גאָט.

— **זְבָחִים**, מַסכתא אין דער מִשנה וועגן שחיטה פֿון קָרבּנוֹת.

— **בֵּית זְבָחִים**, באַצ. פֿאַר בֵּית־המקדש.

**זִבְחָה**, נ. בְּהֵמָה־קָרבּן.

**זְבִיחָה**, נ. שלאַכט; קָרבּן־ברענגונג.

**זָבִיל**, ז. **זְבִילָה**, נ. מיסט־גאָפּל; באַמיס־טיקונגס־צײַט.

**זְבִיל**, ז. באָמבע־לאַגער אין באָמבן־עראָפּלאַנען.

**זַבָּל**, ז. מיסט־פֿירער.

**זֶבֶל**, ז. מיסט; קאָמפּאָסט.

**זבל** (**זָבַל, יִזְבֹּל**), פּ״י. ווײַנען; רעזידירן.

— **הִזָּבֵל**, באַמיסטיקט ווערן.

— **זַבֵּל**, באַמיסטיקן.

— **זְבוֹל**, באַמיסטיקט זײַן.

— **הִזְדַּבֵּל**, באַמיסטיקט ווערן.

**זְבֻל**, ז. מיסט־אינזעקט; דזשוק.

**זַבְלָ״א**, ר״ת = זֶה בּוֹרֵר לוֹ אֶחָד; יעדער ווײַלט זיך אױס אײנעם.

— **בּוֹררוּת זַבְלָ״א**, שידס־געריכט ווו יעדער צַד ווײַלט זיך אויס זײַן פֿאָר־שטייער.

**זַבְלְגָן**, ז. מענטש מיט אײַטערדיקע אוי־גן, מיט רינענדיקע אויגן.

**זַבְלִית**, נ. מיסט־אינזעקט; דזשוק.

**זַבֶּלֶת**, נ. מיסט־הויפֿן.

**זבן** (**זָבַן, יִזְבֹּן**), פּ״י. קויפֿן.

— **זַבֵּן**, פֿאַרקויפֿן.

— **הִזְדַּבֵּן**, פֿאַרקויפֿט ווערן.

**זַבָּן**, ז. פֿאַרקויפֿער אין אַ געשעפֿט; האַנדלס־אָנגעשטעלטער.

**זַבָּנוּת**, נ. פֿאַרקויפֿונג; פֿאַרקויף.

**זַבָּנִית**, נ. פֿאַרקויפֿערין אין אַ געשעפֿט.

**זְבָרָה**, נ. זעבער (חיה).

**זָג**, ז. פּרוכטן־שאָלעכץ; גלעקל.

**זַגָּג**, ז. גלעזער; שויבן־מאַכער.

**זִגֵּג**, פּ״י. אַרײַנשטעלן שויבן; גלאַזירן.

— **זֻגַּג**, באַגלעזט ווערן; גלאַזירט ווע־רן.

**זַגְדּוּם**, ז. שיקלדיקער; קיסאָקער.

**זַגְדָּן**, ז. שיקלדיקער; קיסאָקער.

**זִגּוּג**, ז. גלאַזירונג; גלעזונג.

**זְגוּגִית**, נ. גלעזל; גלאָזור; עמאַליע.

**זִגּוּת**, נ. דורכזיכטיקייט.

**זִגְזֵג**, פּ״י. דורכזיכטיק מאַכן; זיגזאַגירן.

**זָד**, פּ״י. צוגעטראַכט בייז. זע זוד.

זֵד, ז. אויסוואורף; שווינדלער.

זָדָה, נ. פֿעלזן־שפּאַלט.

זָדוֹן, ז. בייזוויליקייט; רשעות.

— בְּזָדוֹן, בכּיוון; דורכגעטראַכט; מיט אַ פּאָרויסיקער כּוונה, נישט בטעות.

זֵדוֹן, ז. אויסוואורף.

זֵדוֹנִי, ת. אויסוואורפֿלעכער; שווינדלע־רישער; בכּיוון שלעכטס־טועוודיקער.

זֶה, מ״ג. דער; דאָס; וואָס; שוין.

— זֶה יָמִים רַבִּים, מיט אַ צײַט לאַנג צוריק.

— זֶה אֶל זֶה, איינער צום צווייטן.

— זֶה בָּזֶה, איינער מיטן צווייטן.

— זֶה לֹא כְבָר, מיט נישט לאַנג צוריק.

— זֶה עַתָּה, נאָר־וואָס.

— בָּזֶה, דערמיט; דאָ; אין דעם.

— כָּזֶה, אַזעלכער.

— מִזֶּה, פֿון דאַנען; פֿון דעם פּלאַץ.

— מִזֶּה וּמִזֶּה, פֿון דער און פֿון דער זײַט.

— אֵי מִזֶּה, פֿון וואַנען.

— עַתָּה זֶה, איצט; דאָך איצט.

זוֹ, זוּ, מ״ג. די; וועלכע; וועלכער.

זָהָב, ז. גאָלד.

— זָהָב לָבָן, ז. פּלאַטין.

— שִׁיר זָהָב, ז. סאָנעט (דיכטערישע פֿאָרם).

זָהֹב, ת. גאָלדענער; גילדערנער; גאָל־דיקער.

זָהֹב (זָהֵב, יַזְהֵב), פ״ע. גילדן זיך; גאָל־דן זיך.

— הִזְהֵב, באַגילדן; באַלייגן מיט גאָלד; גלאַנצן ווי גאָלד.

— הֻזְהַב, באַגילדט ווערן.

— הִזְדַּהֵב, פֿאַרגילדן זיך.

זְהַבְהַב, ת. גאָלדיקער.

זַהֲבוֹנִי, ת. גאָלדפֿאַרביקער.

זֶהָבִי, ז. גאָלדשמיד.

זַהֵה, פ״י. אידענטיפֿיצירן.

— זֻהָה, אידענטיפֿיצירט ווערן.

— הִזְדַּהֵה, אידענטיפֿיצירן זיך.

זַהֲבָן, ז. ווילגע, אָריאָלוס־פֿויגל (גרויסער זינגפֿויגל).

זֶהֶה, ת. אידענטישער; גלײַך־ענלעכער.

זֶהוּ, זֶה הוּא, מ״ג. דאָס איז; דאָס איז דער.

— אֵיזֶהוּ, וואָס פֿאַר אַ?

זָהוּב, ז. גילדן (מַטבע).

זִהוּב, ז. באַגילדונג.

זָהוֹהַ, ת. שטאָלץ; פֿאַריסנקייט.

זִהוּי, ז. אידענטיפֿיצירונג; אידענטיפֿי־קאַציע.

— פִּנְקַס זִהוּי, אידענטיטעטס־קאַרטע.

זִהוּם, ז. שמוץ; קויט; פֿאַרקויטיקונג.

זִהוּר, ז. אָפּשײַן; אָפּגלאַנץ.

זְהוֹרִים, ז״ר. פּראַכט־קליידער.

זְהוֹרִית, נ. קאַרמאַזין; שאַרלעך־רויט.

— בַּד זְהוֹרִית, קינסטלעכער זײַד.

זֶהוּת, נ. אידענטישקייט.

— תְּעוּדַת זֶהוּת, אידענטיטעטס־קאַרטע

זֶהוּתִי, ת. אידענטישער.

זָהִיר, ת. פֿאָרזיכטיקער.

זְהִירָה, נ. גלאַנץ; שײַן; פּראַכט.

זְהִירוּת, נ. פֿאָרזיכטיקייט.

זָהֵם, פּ״י. פֿאַרקויטיקן; פֿאַרשמוציקן; פֿאַרטינופֿן; קוועטשיאַנירן.

— זָהוּם, פֿאַרקויטיקט ווערן.

— הַזְהֵם, פֿאַרקויטיקן; פֿאַרשמוציקן.

— הֻזְהַם, זײַן פֿאַרקויטיקט; זײַן פֿאַרשמוצט.

— הִזְדַּהֵם, אײַנשמוציקן זיך; פֿאַרקויטיקן זיך; פֿאַראומרײניקן זיך.

זְהָמָא, זְהָמָה, נ. שוים; שמוץ; קויט.

זֹהַר, ז. גלאַנץ; פּראַכט; בליאַסק.

— זֹהַר הַזֹּהַר, נאָמען פֿונעם קלאַסישן קַבָּלה־סֵפֿר.

— זֹהַר הַצְּפוֹנִי, פּאָלאַרע ליכט.

זָהֹר (זָהַר, יִזְהַר), פּ״ע. לײַכטן; בליאַסקען.

— הִזָּהֵר, זײַן פֿאָרזיכטיק.

— הַזְהֵר, וואָרנען; לײַכטן.

— הֻזְהַר, געוואָרנט ווערן.

— הִזְדַּהֵר, צעגלאַנצן זיך.

זַהֲרוּר, ז. אָפּשײַן; אָפּגלאַנץ; דעמערליכט.

זַהֲרוּרִי, ת. אָפּשײַנלעכער; דעמערלעכער.

זַהֲרוּרִית, נ. שאַרלעך־רויטער שטאָף.

זַהֲרִיר, ז. רעפֿלעקס; אָפּשײַן.

זָהֳרִית, נ. פֿאָספֿאָר.

זוֹ, מ״ג. די.

זוּ, מ״י. זי; די; אָט־די; די וועלכע.

זִו, זִיו, ז. פּראַכט; גלאַנץ; שײַן; אַנטיקער נאָמען פֿאַר חודש אייר.

זוּב (זָב, יָזוּב), פּ״י. קאַפּען; טראָפּען; רינען.

— הָזֵב, לאָזן רינען; לאָזן קאַפּען; לאָזן טראָפּען.

זוֹב, ז. פֿלוס; מענסטרואַציע; זֶרע־אויספֿלוס; בלוט־שטורץ.

זוֹבֶן, ז. שייד פֿון מענלעכן גליד ביי אַ בְּהֵמה.

זוּג, ז. (ר׳ זוּגוֹת), פּאָר; מאַן־און־ווײַב; דאָפּלט פֿון איין מין; שער.

— זוּג וָפֶרֶט, גראָד און אים; גלײַכע צאָלן אָדער אומגלײַכע צאָלן.

— זוּגוֹת, פּאָרווײַז.

— בֶּן־זוּג, איינער פֿון אַ פּאָר, פּאַרטנער — מאַן.

— בַּת־זוּג, איינע פֿון אַ פּאָר, פּאַרטנערין — ווײַב.

זוֹג, ז. (ר׳ זוֹגִים), אויסערלעכער טייל פֿונעם גלאָק.

זַוֵּג, פּ״י. פּאָרן; שַדכנען.

— הִזָּוֵג, איבערשטעלן גאַנג אין אויטאָמאָביל.

— הִזְדַּוֵּג, פּאָרן זיך; האָבן געשלעכטלעכע באַציאונג; פֿאַרבינדן זיך.

זוּגָה, נ. ווײַב; פֿרוי (ווערט באַנוצט אין דער פֿאָרם מיט פֿאַרבײַט־נאָמען; זוּגָתִי, זוּגָתְךָ, זוּגָתוֹ).

זוּגִי, ת. פּאָריקער (נישט איינצל).

זוּגִיּוּת, נ. גראָדקייט; פּאָרלעכקייט.

זוּד (זָד, יָזִיד), פּ״ע. פֿאַרטראַכטן שלעכטס צו טון.

— הֵזִיד, פֿאַרטראַכטן שלעכטס צו טון; פֿאַרטראַכטן בייז; קאָכן; פֿאַרקאָכן; פֿאַרזידן.

— בְּמֵזִיד, באַוווסטזיניק, בכַּוָונה; מיט שלעכטער כַּוָונה.

זֵוֶד, ז. רייזע־זאַכן; פּערזענלעכע זאַכן פֿונעם זעלנער.

זַוָּד, ז. רענצל־מאַכער; וואַליזן־מאַכער.

זוֹהֵא, זוֹהֶה, ת. שטאָלצער; פֿאַריסענער; גרויסמאַניק.

זוֹהִי (זֹאת הִיא), מ״ג. אָט די; דאָס איז די.

זוּהֲמָה, נ. שמוץ; קויט; פֿאַרשמוצונג; פֿאַרקויטיקונג.

זִוּוּג, ז. פּאָרונג; פּאָר; צוגעפּאַסטע פּאָר; צופּאַסונג (ווערטער).

זוּז (זָז, יָזוּז), פ״ע. רוקן זיך; אַוועקרוקן זיך; באַוועגן זיך.

— הֵזִיז, רוקן; אָפּרוקן; אַוועקרוקן.

— הוּזַז, אָפּגערוקט ווערן; אַוועקגערוקט ווערן.

זוּז, ז. פֿערטל פֿון אַ שֶקל (אַנט. מַטבֵּעַ).

זוּחַ (זָח, יָזוּחַ), פ״ע. אויפֿהייבן זיך הע־כער (איבער עמעצן); זײַן שטאָלץ.

— הֵזִיחַ, וועקן שטאָלץ.

זוֹחֵל, ז. קריכיקער (וואָרעם).

— זוֹחֲלִים, קריכיקע; שוואַך־שטראָמיק וואַסער.

זוּטוֹ, ז. דנאָ; דעק; ים־דנאָ; ים־באָדן.

— זוּטוֹ שֶׁל יָם, ים־באָדן; אָפּגעדעקטער ים־באָדן נאָך ים־אָפּפֿלוס.

זוּטָא, זוּטַר, ת. (נ. זוּטַרְתָּא), קליינער; מיניאַטוראַרטיקער.

— זוּטוֹת, קלייניקייטן; ברעקלעך; מי־ניאַטורן.

— מִלְּתָא זוּטַרְתָּא, קלייניקייט; פּיצל, ברעקל.

— אַיְדֵי דְזוּטַר מְרַכֵּס, צוליב זײַן קליינ־קייט (מיניאַטורישקייט) קען ער פֿאַר־לוירנגיין.

זוּטָא, נ. קלייניקייט.

זָוִית, נ. ווינקל; אַרויסשטאַרצנדיקער זײַל אין ווינקל פֿון הויז.

— זָוִית חַדָּה, שאַרפֿווינקל.

— זָוִית יְשָׁרָה, גלײַכווינקל.

— זָוִית קֵהָה, אָפֿענער ווינקל.

— זָוִיוֹת מִצְרָנִיּוֹת, בײַשטייענדיקע ווינ־קלען.

— זָוִיוֹת קָדְקָדִיּוֹת, קעגנשטייענדיקע ווינקלען.

— מַד־זָוִית, ווינקל־מעסטער.

— קֶרֶן זָוִית, פֿאַרוואָרפֿענער עק.

זָוִיתוֹן, ז. ווינקל־ווירע; ווירע אין דער פֿאָרם פֿון אַ גלײַכווינקל.

זָוִיתִי, ת. ווינקלדיקער.

זוּל (זָל, יָזוּל), פ״י. פֿאַרשווענדן; אויס־ברענגען; זײַן ביליק; זײַן מינדער־ווערטיק.

— הֵזֵל, פֿאַרביליקערן; גרינגשעצן; בי־ליקער ווערן.

— הוּזַל, ביליקער ווערן; פֿאַרביליקערן.

זוֹל, ז. ביליקייט; וואָלוולקייט. ת. ביליק; ביליקער; מינדערווערטיקער.

— בְּזוֹל, ביליק.

זוֹלוּת, נ. ביליקייט.

זוֹלֵל, ת. פֿרעסער; מינדערווערטיקער.

— זוֹלֵל וְסוֹבֵא, ז. פרעסער און זויפער; נאַשער.

זוֹלְלָה, נ. קנויל; קנײַלכל.

זוֹלְלוּת, נ. פרעסערישקייט.

זוֹלְלָן, ת. פרעסער; אײַנזויגער.

זוּלַת, זוּלָתִי־, מ״י. אויסער; חוץ.

— הַזּוּלַת, אַנדערער; צווייטער; נאָענטער.

זוּלָתִי, ת. אויסערלעכער.

זוּלָתִיּוּת, נ. אויסערלעכקייט; אַלטרואיזם (פאַרקערט פון עגאָיזם).

זוּלָתָן, ז. אַלטרואיסט.

זוּלָתָנוּת, נ. אַלטרואיזם.

זוּם, ז. זוּמִית, נ. סאָס; זויז.

זוֹמֵם, ת. שלעכטס־פאַרטראַכטנדיקער.

— עֵד זוֹמֵם, פאַלשער עדות; געכאַפּטער בײַ פאַלש עדות־זאָגן.

זוּן (זָן, יָזוּן), פ״י. דערנערן; שפּײַזן; קאָרמענען.

— הִזּוֹן, דערנערן זיך; ווערן דערנערט; ווערן געשפּײַזט.

— הֵזִין, דערנערן; שפּײַזן.

זוּן, ז. ווילדגעוויקס פון דער תּבוּאה־משפּחה, לאָליום.

זוֹנָה, נ. גאַסנפרוי; פּראָסטיטוטקע; קורווע: אויסגעלאַסענע פרוי.

— אֶתְנַן זוֹנָה, זונה־לוין; לוין וואָס עס באַקומט די גאַסנפרוי.

— בֵּית זוֹנוֹת, קֻבָּה שֶׁל זוֹנוֹת, שאַנדהויז; הײַזל; בורדעל.

זוּעַ (זָע, יָזוּעַ), פ״ע. באַוועגן זיך; ציטערן; דערשיטערן.

— זִוֵּעַ, איבעראַשן; אויפטרייסלען.

— הֵזִיעַ, שוויצן; אַרויסרופן שוויצונג; באַוועגן; רוקן.

זָוֵעַ, ת. דערשיטערנדיקער.

זְוָעָה, נ. ציטערונג; שרעק; שרעקעוודיקייט; ערד־ציטערניש; שטורעם.

זְוָעָתִי, ת. דערשיטערנדיקער; אויפטרייסלענדיקער.

זוּר (זָר, יָזוּר), פ״ע און פ״י. אויספרעסן; אויסקוועטשן; אויסדריקן; אָפּגעפרעמדט ווערן; דערווײַטערן זיך.

— הִזּוֹר, אָפּווענדן זיך; אַראָפּגיין פון וועג; אָפּפרעמדן זיך.

— זוֹרֶה, אויסגעקוועטשט ווערן; צעקוועטשט ווערן; צעפרעסט ווערן.

— הוּזַר, ווערן אָפּגעפרעמדט; ווערן צעקוועטשט; ווערן צעפרעסט.

זוֹר, ז. קראַנץ; רונד; קרײַז.

זָוִר, ת. שיקלדיקער.

זוֹרֵר, פ״ע. נוסן; קיכען.

זוֹרְקוֹר (= זוֹרֵק אוֹר), ז. רעפלעקטאָר; פּראָזשעקטאָר.

זָח, ת. אויפגערעגטער; גערייצטער.

זָחוּחַ, זְחוּחַ־הַלֵּב, ת. בעל־גאווה; פאַריסענער.

זַחוּת, זַחוּת הַדַּעַת, נ. שטאָלץ; פאַריסנקייט.

(זָחַח) הִזּוֹחַ, פ״ע. אָפּגערוקט ווערן; אָפּרוקן; איבערטראָגן זיך.

— הֵזִחַ, אָפּרוקן; אַוועקרוקן; אויסזידלען; גיבן אַ יאָג.

— הִזְחַח, אָפּשטופּן (פרעך).

זְחוּחַ־הַלֵּב, ת. בעל־גאווה; פאַריסענער.

**זְחִיחוּת**, נ. פֿאַריסנקייט.

**זָחִיל, זָחִיל וְדָחִיל**, ת. אײַנגעקאָרטשע־טער און דערשראָקענער.

**זְחִילָה**, נ. קריכונג; קריכעניש.

**זְחִיר**, ז. אָבסטרוקציע (אין שטולגאַנג).

**זָחַל** (זָחַל, יִזְחַל), פ״ע. קריכן; ריטשן זיך אויפֿן בויך; ציטערן פֿון שרעק; טריפֿן; טראָפּען.

— **הִזָּחֵל**, טריפֿן; קריכן.

— **הַזְחֵל**, אַרײַנגיסן פּאַמעלעך; מאַכן קריכן.

— **הֻזְחַל**, נויטן צו קריכן.

**זַחַל**, ז. גולמל (אינזעקט פֿאַרן באַקומען פֿליגל); קריכער (אויטאָ, טאַנק, וואָס זײַנע רעדער באַוועגן שטאָלענע טראַנס־מיסיעס, כדי נישט צו זינקען אין זאַמד, אָדער בלאָטע); שרעק; ציטערניש.

**זַחֲלִי**, ת. טראַנסמיסיע־אַרטיקער; טאַנק־אַרטיקער.

**זַחְלִיל**, ז. שטאָל־טראַנסמיסיע (אויף טראַק־טאָר־ אָדער טאַנק־רעדער, זיי זאָלן נישט זינקען).

**זַחְלִית**, נ. יאַשטשעריצע.

**זַחְלָם**, ז. געפּאַנצערטער אויטאָ מיט שטאָל־טראַנסמיסיעס באַוואָפֿנט מיט מאַשין־געווער.

**זַחְלָן**, ז. אונטערלעקער; ריטשער (שפּאַן־לייסט אין מאַשין); קריכער; שלע־פּער.

**זַחְלָנוּת**, נ. אונטערלעקערײַ; אונטער־לעקערישקייט.

**זַחֶלֶת**, נ. קריכערישקייט (ביי דער אַר־בעט).

**זַחְתָּן**, ז. שטאָלצער; פֿאַריסענער.

**זַטֶּרֶת**, נ. ווײַנטרויבן־קראַנקהייט (אַנט־וויקלען זיך נישט).

**זִיבָה**, ז. זוימן־אויסרינונג (קראַנקהייט); אײַטערונג פֿון געשלעכטס־אָרגאַן (גאָ־נאָריעאַ).

**זִיג**, ז. רעקל; שפּענצער.

**זֵידוֹן**, ת. קאָכנדיקער; שטורמישער; שוימיקער.

**זִיו, זִו**, ז. פּראַכט; גלאַנץ; שײַן.

— **זִיו הַשְּׁכִינָה**, געטלעכער פּראַכט.

— **חֹדֶשׁ זִיו**, אַנט. נאָמען פֿאַר חודש אייר.

**זִיּוּן**, ז. באַוואָפֿנונג; באַפּוצונג פֿון סת״ם־אותיות.

**זִיוָנִית**, ז. קאָנוואַליע.

**זִיּוּף**, ז. פֿעלשונג; נאָכמאַכונג.

**זִיוְתָן**, ז. שיינער מאַן.

— **זִיוְתָנֵי עוֹלָם**, באַצ. פֿאַר די אָבות אברהם, יצחק, יעקב.

**זִיז**, ז. פּאַראַפּעט; אַרויסשטיי; אָפּשטיי; ריר (באַוועגונג); ווערמל; שׂרצל; נאָמען פֿון אַ לעגענדאַרן פֿויגל.

**זִיזָה**, נ. ריר; לײַכטע באַוועגונג.

**זִיזִית**, נ. פֿאַך־שענקל; אונטערלעך.

**זִיל, זִיל הַזּוֹל**, ז. שפּאָט־ביליק.

**זִילוּת**, נ. גרינגשעצונג; ביליקייט.

**זִים**, ז. (ר׳ זִימִים), קשעלעס, אָטעם־אָר־גאַנען ביי פֿיש.

**זַיִן**, נ. זיבעטער אות אין א״ב; וואָפֿן; געווער.

— **כְּלֵי זַיִן**, וואָפֿן; געווער; מִלחמה־מַכ־שירים.

— פְּרוּק הַזַּיִן, אַנטוואָפֿנונג.

זַיֵּן, פּ״י. באַוואָפֿענען; אָנגורטן; באַפּוצן סת״ם־אותיות.

— זִיּוּן, באַוואָפֿנט ווערן; אָרנאַמענטירן, באַפּוצן סת״ם־אותיות.

— הִזְדַּיֵּן, באַוואָפֿענען זיך; אָנגורטן זיך.

זִינָה, נ. שפּייזפֿאַרזאָרגונג.

זַיֶּנֶת, נ. שפּייז־דערלאַנגערין.

זִיעַ, ז. ציטערניש; שרעק.

זִיף, ז. האַרטער האָר; חזיר־האָר.

זַיֵּף, פּ״י. פֿעלשן; נאָכמאַכן.

— זִיּוּף, געפֿעלשט ווערן; נאָכגעמאַכט ווערן.

— הִזְדַּיֵּף, געפֿעלשט ווערן; נאָכגעמאַכט ווערן.

זַיָּף, זַיְּפָן, ז. פֿעלשער.

זִיפְזִיף, ז. שאַבער, זשוויר (געמאָלענער שטיין).

זִיפָן, ז. פֿאַלשער קאָרן (ווילדגעוויקס, סעטאַריאַ).

זַיְּפָנוּת, נ. פֿעלשונג; נאָכמאַכונג.

זִיק, ז. פֿונק; קאָמעטע; שטורעם; שֵׁד.

זִיקָה, נ. פֿונק.

זִיקּוּק, ז. דיסטילירונג; רייניקונג, זע זִקּוּק.

זִיקוּקִית, נ. ראַקעטע.

זִיר, זְיָר, ז. בלומען־שטענגל וואָס טראָגט אויף זיך דאָס זוימען־בייטעלע; פֿאַשע־בינטל.

זִירָה, נ. וועש־מאַנגל; וואַלצן־פּרעס.

זִירָה, נ. אַרענע; קאַמפּס־פּלאַץ; פֿאָרום.

זַיִת, ז. איילבירט (פֿרוכט און בוים).

— כְּזַיִת, ווי די גרויס פֿון אַן איילבירט.

— שֶׁמֶן זַיִת, ז. אייל פֿון איילבירטן.

— שֶׁמֶן זַיִת זָךְ, ז. געלייטערטער אייל פֿון איילבירטן.

— הַר הַזֵּיתִים, ז. נאָמען פֿון באַרג צפֿון־מזרחדיק פֿון ירושלים.

— מַעֲלֵה הַזֵּיתִים, ז. וועג צום הַר־הזיתים.

זַיָּת, ז. איילבירטן־ציכטער.

זַךְ, ת. (נ. זַכָּה, ר׳ זַכִּים). ריינער; געלייטערטער; לויטערער; ציכטיקער.

זֹךְ, ז. ריינקייט; לויטערקייט; ציכטיקייט.

זַכַּאי, ת. פֿרייגעשפּראָכענער; גערעכטער; אומשולדיקער; באַרעכטיקטער.

זָכָה (זָכֵה, יִזְכֶּה), פּ״ע. געווינען (פּראָצעס, גורל, שפּיל); דערגרייכן; זיין אומשולדיק; זיין גערעכט; זיין ווערט.

— זָכָה בַּגּוֹרָל, געווינען אויף לאָטעריע.

— זִכָּה פֿרייַשפּרעכן; געבן גערעכט; באַרעכטיקן עמעצן; מאַכן עמעצן זוכה זיין. אַוועקשטעלן אויף עמעצנס קרעדיט (אין בוכהאַלטעריע).

— זֻכָּה, פֿרייגעשפּראָכן ווערן; קרעדיטירט ווערן.

— הִזַּכָּה, אָפּרייניקן זיך; פֿרייגעשפּראָכן ווערן.

זַכֶּה, ת. באַרעכטיקטער.

זִכּוּי, ז. רעכטפֿאַרטיקונג; איינשרייבונג אויף קרעדיט.

זָכוּךְ, ת. געלייטערטער; לויטערער.

זִכּוּךְ, ז. לייטערונג; רייניקונג.

זְכוּכִי, ת. גלעזערנער; גלעזיקער.

**זְכוּכִית**, נ. (ר׳ זְכוּכִיּוֹת), גלאָז.

— **זְכוּכִית מַגְדֶּלֶת**, פֿאַרגרעסער־גלאָז.

**זְכוּכָן**, ז. גלאָז־ברוכוואַרק; גלאָז־רוי־שטאָף.

**זַכּוּר**, ת. פֿאַרגעדענקטער; אומפֿאַרגעסלעכער.

**זָכוּר**, ז. מאַנסבילשאַפֿט; מענער־געמיינשאַפֿט; כּישוף־מאַכעריי.

— **מִשְׁכַּב זָכוּר**, ז. האָמאָסעקסואַליזם.

**זְכוּת**, נ. (ר׳ זְכוּיוֹת), רעכט; פֿאַרדינסט (נישט מאַטעריעלע); באַרעכטיקונג; פּריווילעגיע; קרעדיט.

— **זְכוּת אָבוֹת**, פֿון די עלטערנס פּריווילעגיע.

— **זְכוּת־יוֹצְרִים**, קאָפּירײַט; אויטאָרן־רעכט.

— **בִּזְכוּת־**, אין זכות פֿון; אין רעכט; פֿון פּריווילעגיע־אויס.

**זַכּוּת**, נ. לויטערקייט.

**זִכּוּךְ**, ז. לויטערונג; רייניקונג.

**זַכֵּךְ**, פּ״י. לײַטערן; רייניקן; פֿילטרירן.

— **זֻכַּךְ**, געלײַטערט ווערן.

**זַכַּי, זַכַּאי**, ת. פֿרײַגעשפּראָכענער; גערעכטער; אומשולדיקער.

**זְכִיָּה**, נ. פּריווילעגיע; פֿאַרדינסט; רעכט; דעראָבערונג.

**זִכָּיוֹן**, ז. קאָנצעסיע; פּריווילעגיע.

**זְכִירָה**, נ. פֿאַרגעדענקונג.

**זָכַךְ** (זָכַךְ, זַךְ, זַכָּה, יָזֹךְ), פּ״ע. לויטער זײַן; ריין זײַן; קלאָר זײַן.

— **זַכֵּךְ**, לײַטערן; רייניקן; העל מאַכן.

— **זֻכַּךְ**, אָפּגעריייניקט ווערן.

— **הֵזֵךְ**, אָפּרייניקן.

— **הִזְדַּכֵּךְ**, אויסלײַטערן זיך; אָפּרייניקן זיך.

**זַכָּךְ**, ז. גלעזער.

**זָכַר** (זָכַר, יִזְכֹּר), פּ״ע. געדענקען; דערמאָנען זיך; פֿאָרשטעלן זיך.

— **הִזָּכֵר**, דערמאָנען זיך; דערמאָנט ווערן; פֿאַרגעדענקען; געבוירן ווערן אין מענלעך געשלעכט.

— **זַכֵּר**, באַטראַכטן אַלס מענלעך געשלעכט.

— **הַזְכֵּר**, דערמאָנען; אויסרעכענען.

— **הֻזְכַּר**, דערמאָנט ווערן; אויסגערעכנט ווערן.

— **הִזְדַּכֵּר**, דערמאָנען זיך.

**זָכָר**, ז. מאַנספּאַרשוין; מאַנספּערזאָן; מאַן; מענלעכער מין; מענלעך געשלעכט.

— **לְשׁוֹן זָכָר**, מענלעכער מין אין גראַמאַטיק.

**זֵכֶר, זֶכֶר**, ז. אָנדענק; איבערבלײַב; דערמאָנונג.

— **לְזֵכֶר**, צום אָנדענק.

**זִכְרָה**, נ. אַסאָציאַציע.

**זִכָּרוֹן, זִכְרוֹן**, ז. געדענקשאַפֿט; געדעכעניש; אָנדענק; געדענק־פֿעאיקייט.

— **סֵפֶר זִכָּרוֹן, סֵפֶר זִכְרוֹנוֹת**, ז. מעמואַרן.

— **זִכְרוֹן דְּבָרִים**, ז. אָפּמאַך; פּראָטאָקאָל.

— **זִכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה**, זײַן אָנדענק זאָל זײַן געבענטשט (לכּבוד אַ געשטאָרבענעם).

**זַכְרוּת**, נ. מענלעכקייט; מענערישקייט.

**זַכְרוּתִי, זַכְרִי**, ת. מענלעכער.

**זְכַרְיָה**, נ. פֿאַרגעס־מיך־נישט (פֿעלד־בלימעלע).

**זַכְרָן**, ת. מיט אַ גוטן זכּרון.

**זַכְרָנוּת**, נ. גוט־זכּרונדיקייט.

**זַל, זָל**, ת. ביליקער; געמיינער.

**זָלַג** (זָלַג, יִזְלֹג), פ״י. רינען; טראָפּען; קאַפּען; פֿליסן; גיסן.

— **הִזְדַּלֵּג**, אַרויסטריפֿן; אַרויספֿליסן.

**זַלְדְּקָן**, ז. אַ מאַן וואָס האָט ווייניק האָר אין דער באָרד.

**זְלוּג**, ז. טראָפּונג; טרערן־קאַפּונג.

**זְלוּחַ**, ז. באַשפּריצונג.

**זְלוּף**, ז. באַשפּריצונג.

**זָלוּת, זַלּוּת**, נ. ביליקייט; וואָלוולקייט; נישטיקייט.

**זְלוּת**, נ. געמיינקייט; געפֿאַלנקייט.

**זִלְזוּל**, ז: גרינגשעצונג.

**זִלְזֵל**, פ״ע. גרינגשעצן.

— **זַלְזֵל כֶּסֶף**, פֿאַרשווענדן געלט.

— **זֻלְזַל**, גרינגגעשעצט ווערן.

— **הִזְדַּלְזֵל**, דערנידעריקן זיך; גרינגשעצן זיך.

**זַלְזַל**, נ. דין צווייַגל; ריטל: ווייַן־צווייַגל; גרייַפּער פֿון קלעטער־געוויקס.

**זַלְזֶלֶת**, נ. קלעמאַטיס, קלעטער־געוויקס.

**זָלַח** (זָלַח, יִזְלַח), פ״י. באַשפּריצן; פּולווערייזירן.

— **זֻלַּח**, פֿונאַנדערשפּריצן.

— **זְלוּחַ**, פֿונאַנדערגעשפּריצט ווערן.

**זֶלַח**, ז. באַשפּריצונג: פּולווערייזאַציע מיט אָדעקאָלאָן, אָדער פּערפֿום אויפֿצופּרישן די לופֿט.

**זָלֵחַ**, ת. פֿאַרגאָסענער; פֿאַרשווענקטער.

**זְלִיגָה**, נ. רינונג: טראָפּונג; טריפֿונג.

**זְלִילָה**, נ. פֿרעס; פֿרעסיקייט; ביליקייט.

**זְלִיפָה**, נ. צעשפּריצונג; פֿונאַנדערשפּריצונג.

**זָלַל** (זָלַל, יִזְלֹל), פ״י. פֿרעסן; נאַשן.

— **הַזּוֹל**, דערשיטערט ווערן; טרייסלען זיך; שרעקן זיך.

**זַלְעֵף**, פ״י. דערשיטערן; מאַכן אויפֿציטערן.

— **זֻלְעוֹף**, דערשיטערט ווערן; אויפֿגעציטערט ווערן.

**זַלְעָפָה, זִלְעָפָה**, נ. ציטערונג: דערשיטערונג: אויפֿטרייסלונג.

— **רוּחַ זִלְעָפוֹת**, הוראַגאַן־ווינט.

**זָלַף** (זָלַף, יִזְלֹף), פ״י. באַשפּריצן: טראָפּען.

— **הִזָּלֵף**, באַשפּריצט ווערן; אַרויסטראָפּן.

— **זִלֵּף**, באַשפּריצן; באַגיסן.

— **זְלוֹף**, באַשפּריצט ווערן; באַגאָסן ווערן.

— **הִזְלִיף**, באַגיסן; באַשפּריצן; פּולווערייזירן.

— **הִזְדַּלֵּף**, באַשפּריצט ווערן.

**זֶלֶף**, ז. פֿליסיקייט צו באַשפּריצן דערמיט (פּערפֿום, אָדעקאָלאָן א״א).

**זַלְפָן**, ז. גאַסן־שווענקער; גאַסן־באַשפּריצער.

**זִמָּה**, נ. בייזע צוטראַכטעניש; בייזוויליקייט; אויסגעלאַסנקייט.

**זָמוּם**, ז. בהמה־צייַמל.

**זָמוּם**, ת. געצייַמלטער.

זִמּוּן, ז. אײַנלאַדונג; אויפֿפֿאָדערונג; צו־זאַמענטרעף.

— בִּרְכַּת הַזִּמּוּן, בענטשונג נאָכן עסן (אין דרײַען).

— הִצְטָרֵף לְזִמּוּן, צושטיין צו סעודה כּדי צו בענטשן צוזאַמען נאָכן עסן.

זִמּוּר, ז. אָפּשנײַדונג פֿון איבעריקע צווײַג־לעך.

זְמוֹרָה, נ. רוט; ווײַן־צווײַגל; באַצ. פֿאַר מענלעכן גליד.

זִמְזוּם, ז. זשומונג.

זִמְזֵם, פּ״ע. זשומען.

— הִזְדַּמְזֵם, געזשומעט ווערן.

זָמִין, ת. מעגלעכער צו באַקומען; מעג־לעכער צו פֿאַרבײַטן אין באַרגעלט.

זָמִיר, ז. געזאַנג; נאַכטיגאַל (זינג־פֿויגל).

זְמִירָה, נ. געזאַנג; אָפּשנײַדונג פֿון ווײַן־צווײַגלעך.

— זְמִירוֹת, געזאַנגען נאָך די סעודות אין די שַׁבָּתים און יום־טובֿים; קאַפּיטל־לעך תּהלים וואָס מען זאָגט פֿאַרן דאַ־ווענען אינדערפֿרי.

זָמֹם (זַמּוֹתִי, זָמַם, יָזֹם), פּ״ע. און פּ״י. פּלאַנירן שלעכטע טאַטן; פֿאַרצײַמ־לען דאָס מויל פֿון אַ בהמה; אורטיי־לן; גיין הין און צוריק.

— זָמֹם עֵד, כאַפּן אַן עדות בײַ פֿאַלש עדות־זאָגן; דערווײַזן פֿאַלשע אַליבי.

— עֵד זוֹמֵם, עדות וואָס זײַן פֿאַלשקייט איז באַוויזן געוואָרן דורך אַנדערע עדות; עדות וואָס ס׳איז באַוויזן גע־וואָרן זײַן פֿאַלשע אַליבי.

— הִזּוֹם, געכאַפּט ווערן בײַ שקר אַלס עדות.

— זַמֵּם, אויפֿדעקן די אַליבי־פֿאַלשקייט פֿון אַן עדות.

— הָזֵם, אויפֿדעקן די אַליבי־פֿאַלשקייט פֿון אַן עדות.

— הוּזַם, געכאַפּט ווערן בײַ פֿאַלש עדות־זאָגן.

— הִזְדַּמֵּם, געכאַפּט ווערן בײַ פֿאַלש עדות־זאָגן.

זָמָם, ז. צײַמל: שלעכטע פֿאַרטראַכטונג; צונויפֿניוכונג; קאָנספּירירונג.

— הָפֵק זְמָמוֹ, אויספֿירן פֿאַרטראַכטן פּלאַן שלעכטס צו טון.

זְמָן, זְמַן, ז. צײַט; דאַטע; סעמעסטער; לערן־צײַט (זומער, ווינטער); וועטער־צושטאַנד.

— בִּזְמַן שֶׁ־, אין דער צײַט ווען.

— כָּל זְמַן שֶׁ־, אַזוי לאַנג ווי.

— לַזְּמַן, צו דער צײַט.

— בֵּין הַזְּמַנִּים, פֿעריען־צײַט; יום־טובֿ טעג צווישן זומער און ווינטער.

— מִזְּמַן, פֿון לאַנג.

זִמֵּן, פּ״י. צוגרייטן; צושטעלן; אײַנ־לאַדן; צונויפֿירן; בענטשן מיט אַ מזומן.

— זֻמַּן, זײַן גרייט; זײַן צוגעגרייט.

— בְּעִתִּים מְזֻמָּנוֹת, אין באַשטימטע צײַט־אָפּשניטן.

— מְזֻמָּן, מְזֻמָּנִים, באַרגעלט.

— הַזְמֵן, אײַנלאַדן; פֿאַרבעטן; צושטע־לן; באַשטעלן; צוגרייטן.

— הֻזְמַן, זײַן אײַנגעלאַדן; זײַן פֿאַר־בעטן; זײַן באַשטעלט; זײַן גרייט.

— הִזְדַּמֵּן, טרעפֿן זיך צופֿעליק; באַגעגענען זיך געלעגנהייטלעך.

**זִמְנָה**, נ. טעמפּאָ.

**זְמַנִּי**, ת. צײַטווײַליקער.

**זָמַר** (זָמַר, יִזְמֹר), פ״י. אָפּשנײַדן איבעריקע צווײַגן פֿון קולטיווירטע ביימער.

— הִזָּמֵר, אָפּגעשניטן ווערן (איבעריקע צווײַגלעך פֿון קולטיווירטע ביימער).

— זַמֵּר, זינגען; שפּילן אויף אַן אינסטרומענט.

— זֻמּוֹר, געזונגען ווערן; אָפּגעשניטן ווערן (איבעריקע צווײַגלעך).

**זֶמֶר**, ז. געזאַנג; קופּלעט; לידל; אינד געמזע (חיה פֿון דער משפּחה הירשן).

— כְּלֵי־זֶמֶר, ז״ר. מוזיק־אינסטרומענטן; קאַפּעליע; מוזיקאַנטן.

**זַמָּר**, ז. זינגער: צווײַגן־שנײַדער.

**זִמְרָא**, ז. געזאַנג; ליד.

**זְמַרְגַּד**, ז. שמאַראַגד (איידלשטיין).

**זִמְרָה**, נ. געזאַנג; מוזיק; אײַנזאַמלונג פֿון די בעסטע פּירות; שטאַרקייט; קראַפֿט.

**זַמֶּרֶת**, נ. זינגערין.

**זַן**, ז. טייל פֿון אַ גאַטונג.

**זָן**, ז. שפּײַז; אויסקומעניש.

**זַנַּאי, זַנַּי** ז. אַלפֿאָנס.

**זָנָב**, ז. (ר׳ זְנָבוֹת), ווײַדל: עק; צויט.

— זְנַב־אוּד, קינדל; שמעגעגע.

— זְנַב־סִיגָרִיָּה, עק פֿון אַ ציגאַרעט.

— כּוֹכַב־זָנָב, קאָמעטע.

**זִנֵּב**, פ״י. אָפּהאַקן עקן; אָפּהאַקן שפּיצן; דערשלאָגן דעם איבערבלײַב. די לעצטע.

— זֻנּוֹב, אָפּגעהאַקט ווערן (עקן, שפּיצן).

— הִזְדַּנֵּב, נאָכשלעפּן זיך; ציִען זיך; שלענגלען זיך (ווען אַ רײַ).

**זְנַב־הָאַרְנֶבֶת**, ז. לאַגורוס־געוויקס (ווילד־געוויקס פֿון דער תּבֿואה־משפּחה).

**זְנַב־הַכֶּלֶב**, ז. סינאָסורוס־געוויקס (ווילד־געוויקס פֿון דער תּבֿואה־משפּחה).

**זְנַב־הַסּוּס**, ז. וויטשן־געוויקס (עקוויזעטום).

**זְנַב־הַסְּנוּנִית**, ז. עקל־שמעטערלינג (פּאַר־ביקער טאָג־שמעטערלינג מיט עקלעך בײַ די הינטערשטע טיילן פֿון די פֿליגעלעך, פּאַפּיליאָ מאַכאַאָן).

**זְנַב־הָעַקְרָב**, ז. העליאָטראָפּ־פֿלאַנץ.

**זְנַב־הַשּׁוּעָל**, ז. פֿוקסנווײדל, דיקע ווילדע פֿלאַנץ פֿון דער תּבֿואה־משפּחה, אַ־לאָפּעקורוס.

**זִנְבָּה, זְנָבִית**, נ. זאָד־שפּאַן (רימען פֿון געשפּאַן, וואָס ווערט געהאַלטן מיטן ווײדל פֿון דער בהמה).

**זַנְבָּן**, ז. גרויסער זינג־פֿויגל מיט לאַנגן עק — טורדאָידעס סקוואַמיסעפּס.

**זְנַבְנָב**, ז. ווײדעלע; עקל.

**זַנְגְּבִיל**, ז. אימבער (געווירץ).

**זָנָה** (זָנָה, יִזְנֶה), פ״ע. פּראָסטיטואירן זיך; גנאָפֿן; פֿאַראַטן דעם מאַן מיט אַן אַנדערן; אַראָפּגיין פֿון גלײַכן וועגן; דינען פֿרעמדע געטער.

— הִזָּנֵה, פּראָסטיטואירן זיך; אָפּגעבן זיך צו אויסגעלאַסן לעבן.

— זַנֵּה, פֿאַרנעמען זיך מיט פּראָסטיטוציע.

— זֻנָּה, אָפּגעגעבן ווערן צו פּראָסטיטוציע.

— הַזְנֵה, אַרויספֿירן אויפֿן וועג פֿון אויסגעלאַסנקייט; טרײַבן אויסגעלאַסנקייט.

— הֻזְנֵה, אַרויסגעפֿירט ווערן אויפֿן וועג פֿון אויסגעלאַסנקייט.

זְנוּב, ז. עקן־אָפּשנײַדונג.

זְנוּנִים, ז״ר. אויסגעלאַסנקייטן; פּראָסטיטוציע.

זִנּוּק, ז. שפּרונג; אויפֿשפּרונג; סטאַרט; אויסשפּריץ; אויסקוואַל.

זְנוּת, נ. אויסגעלאַסנקייט; פּראָסטיטוציע.

זָנַח (זָנַח, יִזְנַח), פּ״י. אָפּשטופּן; פֿאַרלאָזן; פֿאַרוואָרלאָזן; פֿאַרנאַכלעסיקן.

— הִזָּנֵחַ, פֿאַרוואָרלאָזט ווערן; פֿאַרנאַכלעסיקט ווערן.

— הַזְנֵחַ, פֿאַרלאָזן; פֿאַרנאַכלעסיקן.

— הֻזְנַח, פֿאַרלאָזט ווערן; פֿאַרנאַכלעסיקט ווערן.

זְנִיחָה, נ. פֿאַרלאָזונג; פֿאַרוואָרלאָזונג; פֿאַרנאַכלעסיקונג.

זְנִיקָה, נ. שפּרונג; אויפֿשפּרונג; סטאַרט.

זִנֵּק, פּ״ע. אויפֿשפּרינגען; אַ שפּרונג טון; אַרויסשפּראָצן; אַרויסזעצן; אַרויסשפּריצן.

— הִזְדַּנֵּק, אַרויסרײַסן זיך אין דער לופֿטן; אַרויסשפּראָצן.

זֵעָה, נ. שווייס.

— בְּזֵעַת אַפַּיִם, מיט שווייס אויפֿן שטערן.

— מֶרְחַץ־זֵעָה, שוויץ־באָד.

זַעֲוָה, נ. שוידער; שרעק.

זָעוּם, ת. אויסגעזידלטער; פֿאַרהאַסטער; כּעסיקער; ברוגזער; נישטיקער; אומבאַדײַטנדיקער.

זָעוּף, ת. אויפֿגעקאָכטער; אויפֿגעשטורעמטער.

זַעֲזוּעַ, ז. טרייסלונג; אויפֿטרייסלונג; צערודערונג; דערשיטערונג.

— זַעֲזוּעַ הַמֹּחַ, מוח־דערשיטערונג.

זִעְזַע (זִעְזַע, יְזַעֲזֵעַ), פּ״י. טרייסלען; שאָקלען; דערשיטערן; אויפֿטרייסלען.

— זֻעְזַע, אויפֿגעטרייסלט ווערן; אויפֿגעשאָקלט ווערן.

— הִזְדַּעֲזֵעַ, דערשיטערט ווערן; אויפֿגעטרייסלט ווערן.

זַעֲטוּט, ז. ייִנגל; ראָצער.

זְעִימָה, נ. אויפֿטרייסלונג; אויפֿקאָכעניש.

זָעִיר, ת. קליינער; פּיצלס; פּיצעלע; מינאָר.

זְעֵיר, תה״פ. אַביסל; עטוואָס; ת. קליינער; פּיצלס.

— כַּתַּר לִי זְעֵיר, וואַרט אויף מיר אַביסל.

— זְעֵיר אַנְפִּין, מיניאַטור.

זְעִירוּת, נ. קליינקייט; פּיצלדיקייט.

— זְעֵיר־בֻּרְגְּנִי, קליינבירגערלעכער.

זָעַךְ (זָעַךְ, יִזְעַךְ), פּ״ע. אויסלעשן; פֿאַרלעשן; דערנידעריקן (מליצהדיק).

— הִזָּעֵךְ, אויסגעלאָשן ווערן; פֿאַרלאָשן ווערן.

זָעַם (זָעַם, יִזְעַם), פּעו״י. בייזערן זיך; זײַן אין כּעס; כּעסן זיך; זײַן אויפֿגעבראַכט; צאָרנען.

— הִזָּעֵם, זײַן אויפֿגעבראַכט; זײַן אויפֿגערייצט.

— **הִזָּעֵם**, אויפֿרעגן; דערגרגזנען; אַרײַנברענגען אין כּעס, דערצערנען.

**זַעַם**, ז. ווּוט; אויפֿגעבראַכטקייט; שטאַרקער כּעס; געפֿאַר.

— **כְּלֵי זַעַם**, פֿײַניקונגס־מכשירים.

**זַעֲמָן**, ז. קאָלובער (נישט גיפֿטיקע קוילשוואַרצע שלאַנג אין א״י, דערנערט זיך מיט מײַז און יאַשטשעריצעס).

**זָעַף** (זָעַף, יִזְעַף), פּ״ע. בײזערן זיך; זײַן אויפֿגערעגט.

— **הִזָּעֵף**, אויסגעזידלט ווערן; אויסגעשעצט ווערן.

— **הִזְעִף**, פֿאַראומערן.

— **הִזְדַּעֵף**, אויפֿברויזן זיך; אויפֿגעברויזט ווערן.

**זַעַף**, ז. אויפֿגעבראַכטקייט; פֿאַרביטערטקייט; כּעס; פֿאַראומערטקייט; שטורעם.

**זָעֵף**, ת. אויפֿגעבראַכטער; פֿאַרקלעמטער; פֿאַרכמורעטער.

— **סַר וְזָעֵף**, שרעקלעך אויפֿגעבראַכטער.

**זַעֲפָן**, ז. אויפֿגערעגטער.

**זַעֲפָנוּת**, נ. אויפֿגערעגטקייט.

**זַעְפְּרָן**, ז. שאַפֿראַן (געניצט אין שפּײַזן און רפֿואות. פֿון קראָקוס־בלעטער).

**זָעַק** (זָעַק, יִזְעַק), פּ״ע. אַלאַרמירן; שרײַען; רופֿן.

— **הִזָּעֵק**, אַלאַרמירט ווערן; צוזאַמענגערופֿן ווערן דורך אַלאַרם, דורך רוף.

— **הַזְעֵק**, אַלאַרמירן; צוזאַמענרופֿן דורך אַלאַרם; באַקאַנט מאַכן דורך אויסרופֿן; שרײַען.

— **הֻזְעַק**, צוזאַמענגערופֿן ווערן דורך אַלאַרם.

— **הִזְדָּעֵק**, צעשרײַען זיך.

**זַעַק**, ז. **זְעָקָה**, נ. אַלאַרם; רוף; געשריי.

**זַעֲרוּרִי**, ת. מיניאַטוראַרטיקער; פּיצינקער.

**זְעֵרְעַר**, ת. קליינטשיקער; ברעקעלע; שרויטעלע.

**זָפוּף**, ת. פֿאַרסמאָלעטער; געשמירטער מיט סמאָלע.

**זָפוּת**, ת. פֿאַרסמאָלעטער.

**זִפּוּת**, ז. אַספֿאַלטירונג.

**זִפְזִיף**, ז. ים־זאַמד (געניצט צו בוי־צוועקן).

**זַפֵּף**, פּ״י. אַספֿאַלטירן; באַשמירן מיט סמאָלע.

— **זֻפּוּף**, באַדעקט ווערן מיט סמאָלע.

**זֶפֶק**, ז. קראָפּ; וואָליע (שפּײַז־בײַטל בײַ עופֿות, אײדער די שפּײַז גײט איבער אין מאָגן).

**זַפֶּקֶת**, נ. האַלדז־אָנשוועלונג (קראַנקהייט). גערופֿן אויך „קראָפּ".

**זָפַת** (זָפַת, יִזְפֹּת), פּ״י. סמאָלעווען; אָנשמירן מיט סמאָלע; אַספֿאַלטירן.

— **הִזָּפֵת**, געסמאָלעוועט ווערן; אַספֿאַלטירט ווערן.

— **זַפֵּת**, אַספֿאַלטירן; אויסגיסן מיט סמאָלע.

— **זֻפּוּת**, אויסאַספֿאַלטירט ווערן; אויסגעגאָסן ווערן מיט סמאָלע.

— **מְזֻפָּת**, אויסגעשמירטער מיט סמאָלע; אַספֿאַלטירטער; נישטיקער; געמײנער; דרעקישער (וווּלג.).

**זֶפֶת**, ת. פּעך; סמאָלע; אַספֿאַלט.

**זַפָּת**, ז. סמאָלאַר; אַספֿאַלטירער.

**זַפָּתוּת**, נ. סמאָלעריי.

**זַךְ**, ז. פּונק; פּײַער־שפּריץ.

**זִקָּה**, נ. צובונד; צוגעבונדנקייט; פֿאַרבינדונג; באַזיצונג; ציאונג.

**זַקּוּם**, ז. באַלאַניטעס (בוים).

**זְקוּנִים**, ז״ר. עלטער; אַלטקייט.

— **בֶּן זְקוּנִים, בַּת זְקוּנִים**, זון אָדער טאָכטער געבוירענע די לעצטע בײַ די עלטערן, אָדער ווען דער פֿאָטער איז געווען אַלט.

**זָקוּף**, ת. זיך גלייך־האַלטנדיקער; שטייענדיקער גלײַך; ווערטיקאַלער.

**זְקוּף**, ז. אויסגלײַך.

**זָקוּק**, ת. באַדערפֿטיקער; נצרך; דעסטילירטער; פֿילטרירטער; גערייניקטער; געלײַטערטער.

**זָקוּק**, ז. נאָמען פֿון אַ מַטבֵּעַ.

**זִקּוּק**, ז. דעסטילאַציע; רייניקונג; לײַטערונג; פּונק; פּײַער־שפּליטער; ליכט־ראַקעטע.

— **בֵּית זִקּוּק**, ז. ראַפֿינעריע.

— **זִקּוּקִין דִּי־נוּר**, ליכט־ראַקעטע; קאַלט פּײַער; בענגאַליש פּײַער.

**זִקּוּקִית**, נ. ראַקעטע; לופֿט־ראַקעטע.

**זָקוּר**, ת. אויסגעגלײַכטער; פֿאַריסענער.

**זָקִיף**, ז. וועכטער.

**זְקִיפָה**, נ. אויפֿשטעלונג (קאַלנער, אויערן); פֿאַררעכנונג (אין בוכהאַלטעריע).

**זְקִיפוּת**, נ. אויסגעגלײַכטקייט.

**זָקִיק**, ז. הויט־פּאָרע (פֿון וועלכער עס וואַקסט אַרויס האָר, פֿעדער), פֿאָליקולוס.

**זְקִיקוּת**, נ. באַדערפֿעניש.

**זְקִירָה**, נ. שטויס; אָפּשטויס.

**זִקִּית**, נ. קאַמעלעאָן (קריכער, בײַט זײַנע פֿאַרבן לויט דער סבִיבה).

**זָקֵן** (זָקֵן, יִזְקַן), פ״ע. אַלט ווערן; עלטערן זיך

— **הִזְקִין**, אַלט ווערן; עלטער ווערן; אַלט מאַכן.

— **הִזְדַּקֵּן**, אַלט ווערן.

**זָקֵן**, ת. אַלטער; זיידע; געבילדעטער.

**זֹקֶן**, ז. אַלטקייט.

**זָקָן**, ז. באָרד.

— **זְקֵנִים**, באַצ. פֿאַר פֿאָלקס־פֿירער.

— **זְקַן תַּחְתּוֹן**, האָר־אָנוווּקס בײַ געשלעכטס־גלידער.

**זְקַן־הַסָּב**, ז. גערעאָפּאָגאָן (ווילדקרויט).

**זְקַן־הַתַּיִשׁ**, ז. „ציגנבערדל“, טראָגאַפּאָגאָן (ווילדגעוויקס).

**זְקַן־הַתְּכֵלֶת**, ז. קאָרנבלימל.

**זְקֵנָה**, נ. אַלטע; באָבע; פֿאַרעלטערטע.

**זִקְנָה, זְקֵנוּת**, נ. אַלטקייט.

**זַקְנָן**, ז. אַנדראָפּאָגאָן (ווילד־געוויקס פֿון דער תּבוּאָה־מִשפּחה).

**זַקַנְקַן**, ז. בערדל.

**זָקַף** (זָקַף, יִזְקֹף), פ״י. אויסגלײַכן; אויפֿשטעלן (אַ בעט, אַ קאָלנער, אַ פֿינגער); פֿאַררעכענען (אויף חֶשבּון).

— **הִזָּקֵף**, אויסגלײַכן זיך; פֿאַררעכנט ווערן (אויף חֶשבּון).

— **הִזְקִיף**, אויסגלײַכן.

— **הֻזְקַף**, אויסגעגלײַכט ווערן.

— הִזְדַּקֵּף, אויסגלײַכן זיך: אויסגע־גלײַכט ווערן.

זְקֵף, ז. איינע פֿון די צוויי גלייכע ווענט פֿון אַ גלײַכווינקלדיקן דרײַעק.

זְקֵף גָּדוֹל, ז. אינטאָנאַציע־צייכן אין תּנ״ך, (פֿון די הויפּט־אָפּשטעלצייכנס).

זְקֵף קָטֹן, ז. אינטאָנאַציע־צייכן אין תּנ״ך, (פֿון די שוואַכע אָפּשטעלצייכנס).

זִקְפָּה, נ. ערעקציע: שטײַף־ווערונג פֿון געשלעכטלעכן אָרגאַן.

זָקַק (זָקַק, יָזֹק), פּ״י. דעסטילירן: פֿיל־טרירן: לײַטערן; רייניקן; פֿאַרעכנען אויף עמעצנס חֶשבון; פֿאַרפֿליכטן; מאַכן אָפּהענגיק.

— הִזָּקֵק, זײַן אָפּהענגיק: דאַרפֿן; פֿאַר־בינדן ווערן; פֿאַרבינדן זיך.

— זִקֵּק, דעסטילירן; פֿילטרירן; לײַטערן; רייניקן; ראַפֿינירן.

— זֻקַּק, דעסטילירט ווערן; פֿילטרירט ווערן; ראַפֿינירט ווערן.

— הִזְקִיק, נויטן; פֿאַרפֿליכטן; צווינגען.

— הֻזְקַק, דאַרפֿן; זײַן געצוווּנגען.

— הִזְדַּקֵּק, דאַרפֿן; זײַן געצוווּנגען; פֿאַרבינדן זיך.

זַקָּק, ז. דעסטילאַטאָר; ראַפֿינאַטאָר; לײַ־טערער.

זָקַר (זָקַר, יִזְקֹר), פּ״י. שטופּן; אָפּשטופּן; שטויסן; אָפּשטויסן; וואַרפֿן; אָפּוואַרפֿן.

— הִזָּקֵר, אָפּגעשטופּט ווערן; אָפּגע־שטויסן ווערן; אָפּשפּרינגען הינטער־ווײַלעכץ.

— הִזְדַּקֵּר, דורכרײַסן זיך; דורכשטופּן זיך; אַרויסשטיין; אויסגלײַכן זיך.

זֵר, ז. ראַנד; קראַנץ; קרענצל.

זָר, ת. פֿרעמדער; זײַטיקער.

— אֵל זָר, געטש; אָפּגאָט.

— עֲבוֹדָה זָרָה, נ. געצנדינסט; נישט־ייִדישע אַרבעט (אין א״י); מַסכתא אין תַּלמוד (וועגן באַציאונגען צווישן ייִד און נישט־ייִד).

זָרָא, ז. עקלהאַפֿטיקייט; עקל.

— הָיָה לְזָרָא, אַרויסרופֿן עקל.

(זרב) זָרוֹב, (זָרַב), פּ״ע. אַרויסרײַסן זיך צעוואַרעמט ווערן; צעוואַרמען זיך; צעגיסן זיך.

זֶרֶב, ז. פֿילץ־אײַנלאַג (אין שיך); פֿילץ־שטעקשיך.

זַרְבּוּבִית, נ. נאָז (רערל פֿון אַ טשײַניק דורך וועלכן ס׳גיסט זיך דאָס וואַסער).

זֶרֶד, ז. יונג צווײַגל; יונגע פֿלאַנץ; פֿײַכט צווײַגל.

זָרַד (זָרַד, יִזְרֹד), פּ״ע. ריטשען: אײַלן (אַ וואָלף); שנײַדן צווײַגן; האָדעווען יונגע פֿלאַנצן.

— זֵרֵד, אָפּשנײַדן צווײַגן.

זָרָה (זָרָה, יִזְרֶה), פּ״י. שיטן; פֿונאַנדער־שיטן; צעוואַרפֿן; פֿאַרשפּרייטן; אויפֿ־פּילען.

— הִזָּרֵה, צעוואָרפֿן זײַן; צעשאָטן זײַן; אויפֿגעפּילעט ווערן; אָפּגערייניקט ווע־רן דורך צעוואַרפֿן.

— זֵרָה, צעשיטן; צעוואַרפֿן.

— זֹרָה, צעשאָטן ווערן; צעוואָרפֿן ווערן.

זֵרוּד, ז. צווײַגן־שנײַדונג.

זֵרוּז, ז. צואײַלונג; פֿאַרשנעלערונג.

זֵרוּי, ז. פֿונאַנדערוואורף; פֿונאַנדערשיט; פֿונאַנדערזיי.

**זָרוּי**, ת. פֿונאַנדערגעוואָרפֿענער; צעשיי־טער; צעזייטער.

**זַרְזִיר**, ז. קראַנץ־פֿויגל (צירקוס), רויב־פֿויגל.

**זְרוֹעַ**, נ. (ר׳ זְרוֹעוֹת), אָרעם; קראַפֿט; גבֿורה; טייך־אָפּצווייג; הענטל; גע־בראָטנס צום סֵדר־טעלער.

— **אִישׁ זְרוֹעַ**, פֿויסט־מענטש.

— **בִּזְרוֹעַ נְטוּיָה**, מיט אַ שטאַרקער האַנט.

**זָרוּעַ**, ת. פֿאַרזייטער; פֿולער; אָנגע־פּראָפּטער (דער הימל מיט שטערן).

**זֵרוּעַ**, ז. זוימען־קערנדלעך (פֿאַרזייטע אין אַ גאָרטן); פֿאַרזייאונג.

**זָרוּת**, נ. אויסטערלישקייט; פּרעמדקייט.

**זָרַז**, פּ״י. צואײַלן; פֿאַרשנעלערן; צו־יאָגן.

— **זֹרוֹז**, צוגעאײַלט ווערן; צוגעיאָגטווע־רן.

— **הִזְדָּרֵז**, צואײַלן זיך; יאָגן זיך; פֿע־דערן זיך.

**זַרְזִיף**, ז. שפּריי־רעגנדל; טראָפּונג.

**זַרְזִיר**, ז. סטור; שפּאַק (זינג־פֿויגל).

— **זַרְזִיר־עֵט**, פֿלינקער זשורנאַליסט; סענסאַציע־מאַכער.

**זַרְזֵף**, פּ״ע. צונויפֿנעמען זיך; איבער־גיסן זיך; אויסגיסן.

**זָרַח** (זָרַח, יִזְרַח), פּ״ע. שײַנען; לײַכטן; אויפֿגיין (זון).

— **הַזְרֵחַ**, באַלײַכטן; באַשײַנען; מאַכן לײַכטן; גיין אויף מִזרח.

— **הִזְדָּרֵחַ**, צעלײַכטן זיך.

**זֶרַח**, ז. גלאַנץ; שײַן; ליכט.

**זַרְחָה**, נ. פֿאָספֿאָט.

**זַרְחָן**, ז. פֿאָספֿאָר.

**זַרְחָנִי**, ת. פֿאָספֿאָר־יקער; פֿאָספֿאָרישער.

**זַרְחַת**, נ. גלי־ווערמל.

**זַרְחָתִי**, ת. פֿאָספֿאַטיקער.

**זְרִיבָה**, נ. פֿליסונג; טריפֿונג.

**זָרִיד**, ז. דינע גרויפּן (ווערט דערמאָנט אין תּלמוד ירושלמי).

**זְרִיָּה**, נ. פֿונאַנדערשיטונג; פֿונאַנדער־שפּרייטונג; צעוואַרפֿונג.

**זָרִיז**, ז. פֿלינקער; שנעלער; אײַליקער; געשווינדיקער.

**זְרִיזוּת**, נ. פֿלינקייט; אײַליקייט; גע־שווינדיקייט.

**זְרִיחָה**, נ. זון־אויפֿגאַנג; שטראַלונג.

**זְרִימָה**, נ. שטראָמונג; פֿליסונג.

**זָרִיעַ**, ז. פֿאַרזייאונגס־צײַט; בוים פֿון קערן־פֿאַרזיי (נישט פֿאַרזעצטער אָדער געגרײַפטער בוים).

**זְרִיעָה**, נ. זייאונג; פֿאַרזיי.

**זְרִיקָה**, נ. וואַרפֿונג; שלײַדערונג; אײַנ־שפּריצונג (אין גוף).

**זְרִירָה**, נ. ניסונג.

**זָרַם** (זָרַם, יִזְרֹם), פּ״י. שטראָמען; פֿלי־סן; מיטרײַסן מיטן שטראָם.

— **הִזָּרֵם**, פֿאַרפֿלאָסן ווערן.

— **זֹרוֹם**, צעגאָסן ווערן.

— **הַזְרֵם**, אַרײַנגיסן; ווענדן שטראָם.

— **הָזְרַם**, צעגאָסן ווערן; געווענדט ווערן (שטראָם).

— **הִזְדָּרֵם**, אַרײַנפֿליסן מיט שטראָם.

**זֶרֶם**, ז. שטראָם; פֿלוס; שטרעמונג; ריכ־טונג (פּאָליטישע, אידעאישע).

**זִרְמָה**, נ. שטאַרקער שטראָם; וואַסער־פֿלוס.

**זַרְנוּק**, ז. גומי־שלויך.

**זַרְנִיךְ**, ז. אַרשעניק (שטאַרקער גיפֿט).

**זָרַע** (זָרַע, יִזְרַע), פ״י. זייען: פֿאַרזייען פֿאַרזעצן (זוימען); פֿאַרשפּרייטן, אויס־שפּרייטן (איבערג.).

— **הִזָּרַע**, פֿאַרזייט ווערן; באַפֿרוכפּערט ווערן.

— **זָרוּעַ**, פֿאַרזייט ווערן.

— **הִזְרִיעַ**, אַרויסגעבן זוימען; אַרויס־לאָזן זוימען.

**זֶרַע**, ז. זוימען: זוים־קערן; ספּערמע; פֿרוכט פֿון פֿאַרזיי; פֿאַרזיי־צייט; קינדער; מִשפּחה.

— **זְרָעִים**, ערשטער סֵדר פֿון די זעקס מִשנה־סדרים.

**זֵרְעוֹן**, ז. פֿרוכט מיט אַן אייניציק זוימען־קערנדל: ספּערמאַיִד.

**זַרְעִי**, ת. זוימיקער: וואָס גיט אַרויס זוימען.

**זַרְעִית**, נ. נאָכשטאַם: די דורות וואָס קומען נאָך אַ מענטש: שוואַלב.

**זָרַק** (זָרַק, יִזְרֹק), פ״י. וואַרפֿן: אַוועק־וואַרפֿן: שלײַדערן; פֿונאַנדערשפּרייטן: שיטן: שפּריצן; באַגיסן.

— **הִזָּרֵק**, געוואָרפֿן ווערן: אַוועקגעוואָרפֿן ווערן; געשלײַדערט ווערן; באַשיט ווערן; באַשפּריצט ווערן.

— **זֹרוּק**, באַגאָסן ווערן; באַשפּריצט ווערן.

— **הִזְרִק**, אײַנשפּריצן: אַרײַנשפּריצן.

— **הָזְרַק**, אײַנגעשפּריצט ווערן; אַרײַנגעשפּריצט ווערן.

**זֶרֶק**, ז. אײַנשפּריצונגס־שטאָף: סערום.

**זַרְקָא**, ז. טאָן־נאָטע אין תנ״ך, פֿון די אָפּשטעל־צייכנס.

**זַרְקוֹר**, ז. ליכט־שלײַדערער: רעפֿלעק־טאָר; פּראָזשעקטאָר.

(**זֵר״ו**) **זוֹרֵר**, פ״ע. ניסן.

**זֶרֶת**, נ. שפּאַן (מֶרחק פֿון שפּיץ קליינעם פֿינגער ביזן שפּיץ גראָבן פֿינגער בײַ געשפּאַנטער האַנט); נאָמען פֿונעם קליינעם פֿינגער.

**זֵרֵת**, פ״י. מעסטן מיט אַ שפּאַן.



**ח** (חֵית), — אַכטער אות אין א״ב. אַלס ציפער אָדער צאָל — 8; מיט אַן אָפּ־שטריך פון אויבן (ח׳) — אַכט טויזנט.

**חֹב**, ז. בוזעם.

— **בְּחֻבּוֹ**, אינעווייניק; אין בויך.

**(חבא) הֶחְבֵּא**, באַהאַלטן; פאַרשטעקן; פאַרבאָרגן.

— **נֶחְבָּא אֶל הַכֵּלִים**, באַשיידענער; צו־ריקגעהאַלטענער.

— **בְּהֵחָבֵא**, באַהאַלטענערהייט.

— **חַבֵּא**, באַהאַלטן; פאַרשטעקן.

— **חֻבּוֹא**, באַהאַלטן ווערן; פאַרשטעקט ווערן.

— **הַחְבֵּא**, אויסבאַהאַלטן.

— **הָחְבֵּא**, אויסבאַהאַלטן ווערן.

— **הִתְחַבֵּא**, באַהאַלטן זיך; אויסבאַהאַלטן זיך; פאַרבאָרגן זיך; פאַרשטעקן זיך.

**חָבַב** (חָבֵב, חוֹבֵב, יַחֲבֹב), פ״י. האָלד האָבן; גערן האָבן; סימפּאַטיזירן.

— **חַבֵּב**, האָלד האָבן; גערן האָבן; סימ־פּאַטיזירן; צערטלען; דערוואַרעמען.

— **חֻבּוֹב**, זײַן ליב; גערן זײַן; זײַן סימפּאַטיש.

— **הִתְחַבֵּב**, ווערן באַליבט; געווינען סימפּאַטיע.

**חָבָה** (חֲבָה, יֶחֱבֶה), פ״י. באַהאַלטן זיך; אויסבאַהאַלטן זיך.

— **הֵחָבֵה**, אויסבאַהאַלטן זיך; פאַרשטעקן זיך; פאַרבאָרגן זיך.

**חִבָּה**, נ. פרײַנדשאַפט; סימפּאַטיע; ליב־שאַפט; שוואַכקייט (צו עפּעס).

**חֻבָּה**, נ. ליביקייט.

**חָבוּא**, ת. באַהאַלטענער; פאַרבאָרגענער.

**חִבּוּב**, ז. פרײַנדשאַפט; סימפּאַטיע.

**חִבּוּט**, ז. קלאַפּונג; שלאָגעניש.

— **חִבּוּט הוֹשַׁעְנוֹת**, הושענות־קלאַפּונג.

— **חִבּוּט הַקֶּבֶר**, פּײַן נאָכן טויט; די קלעפּ וואָס אַ מת באַקומט פון די מלאכי חבלה.

**חָבוּט**, ת. געשלאָגענער; געקלאַפּטער; אויסגעקלאַפּטער.

**חָבוּי**, ת. פאַרבאָרגענער; באַהאַלטענער.

**חִבּוּל**, ז. שעדיקונג; קאַליע מאַכונג; סאַ־באָטאַזש; פאַרדאַרבונג; צעשטערונג.

**חֲבוֹל**, ז. פאַנט; מַשכּון.

**חֲבוֹלָה**, נ. פאַנט; מַשכּון.

**חִבּוּץ**, ז. פּוטער־קלאַפּונג.

**חָבוּק**, ת. אַרומגעאָרעמטער; צוגעטשעפּעטער; צוגעפּעסטיקטער.

**חִבּוּק**, ז. אַרומאָרמונג; אַרומנעמונג.

— **חִבּוּק יָדַיִם**, ליידיקגייעריי; אומטעטיקייט.

**חָבוּר**, ת. צוגעטשעפּעטער; צוגעבונדענער.

**חִבּוּר**, ז. צובונד; פֿאַרבינדונג; צושעפּונג; ליטעראַרישע אָדער וויסנשאַפֿטלעכע שאַפֿונג; קלאַסן־אַרבעט (אין שול); צוגעבונג אין אַריטמעטיק (+); פֿאַרבינדונג (פֿון וועגן, טעלעפֿאָן א״א, פֿון דאַנען תּחבורה — קאָמוניקאַציע).

— **מִלַּת הַחִבּוּר**, פֿאַרבינדונגס־וואָרט (גראַמאַטיק).

**חַבּוּרָה**, נ. בײַל; בײַע.

**חֲבוּרָה**, נ. קאָמפּאַניע; גרופּע; געזעלשאַפֿט; בײַל.

**חָבוּשׁ**, ת. געפֿאַנגענער; פֿאַרהאַלטענער; אַרויפֿגעזעצטער; אָנגעזאָטלטער.

**חַבּוּשׁ**, ז. פֿיגווע; צידאָניאַ וווּלגאַריס (פֿרוכטנבוים).

**חָבוּת**, נ. פֿאַרשולדיקטקייט.

**חָבַט** (חָבַט, יַחְבֹּט), פּ״י. דרעשען; אַראָפּשלאָגן (פֿרוכטן פֿון בוים); קלאַפּן; אויסקלאַפּן; שלאָגן; וואַרפֿן; באַרירן.

— **הֶחְבַּט**, געשלאָגן ווערן; אויסגעקלאַפּט ווערן; זײַן אויסגעקלאַפּט.

— **חִבֵּט**, וואַרפֿן.

— **הִתְחַבֵּט**, ראַנגלען זיך; אָנשטרענגען זיך; באַמיִען זיך; פֿלאַטערן; וואַרפֿן זיך.

**חֶבֶט**, ז. שנאָל; קלאַמרע; טרייסל; שאָק; קאָנטוזיע; דערשיטערונג.

**חֲבָטָה**, נ. שאָק; דערשיטערונג; אָנקלאַפּונג; קלאַפּונג; שלאָגונג.

**חֲבִי**, ז. באַהעלטעניש.

**חָבִיב**, ת. געליבטער; ליבלעכער; פֿרײַנדלעכער; אָנגענעמער; סימפּאַטישער.

**חֲבִיבוֹן**, ת. ליבינקער.

**חֲבִיבוּת**, נ. סימפּאַטיע; ליבלעכקייט; פֿרײַנדלעכקייט; אָנגענעמלעכקייט.

**חֶבְיוֹן**, ז. פֿאַרבאָרגעניש; געהיימניש; באַהעלטעניש.

**חֲבְיוֹנָה**, נ. קליין־פֿעסל; אַנטאַלק.

**חֲבִיטָה**, נ. אייערשפּײַז; פֿײַנקוכן; זעץ; קלאַפּ; קלאַפּונג; שלאָגונג.

**חֲבִילָה**, נ. פּעקל; בינטל, שײַטל; פֿאַנט; משכּון.

**חָבִיץ, חֲבִיצָה**, נ. פּודינג; קניידל.

**חֲבִיקָה**, נ. אַרומאָרעמונג.

**חֲבִישָׁה**, נ. באַנדאַזש; באַנדאַזשירונג; פֿאַרבינדונג; אָנטואונג (אַ היטל); אָנזאָטלונג; אַרעסט.

**חָבִית**, נ. פֿאַס.

**חֲבִיתָה**, נ. אייער־שפּײַז; פֿײַנקוכן.

**חֲבִיתִית**, נ. געפֿילטער אייער־קוכן; צאַמלעט.

**חָבַל** (חָבַל, יַחְבֹּל), פּ״י. נעמען אַ פֿאַנט, אַ משכּון; באַשעדיקן; פֿאַרווונדן.

— **הֶחְבַּל**, באַשעדיקט ווערן; פֿאַרווונדעט ווערן; צעקלאַפּט ווערן.

— **חִבֵּל**, פֿאַרניכטן; צעשטערן; סאַבאָטירן; דורכפֿירן דיווערסע; באַשעדיקן

